הירשע־דוד מעינקעם

# עלדראַ דאָן

## און אַנדערע מעשיות

פאַרלאַג „דריי שוועסטער"
ראָוון ד׳ווייליז
תשנ"ב
לפ"ק

Heershadovid Menkes

# Eldra Don

## a straeon byrion Idish eraill

(Eldra Don and other Yiddish short stories)


This volume was published through the generosity of David and Beth Tabatznik, in memory of

Mendel Tabatznik

Yiddish poet and novelist

(1894–1975)

Gwasg y Tair Chwaer – Three Sisters Press
Cae Fadog Farm
Rowen, County Gwynedd
Wales LL32 8YP
Britain



ISBN 1 874386 00 5

# מעינקע'ן

אַ מתנה

מעינקע הירשע־דודס אויף יענער וועלט

פון הירשע־דוד מעינקעס אויף דער וועלט

# עלדראַ דאָן

מ׳האָט גערעדט אַז עלדרידזש סטריט אויף דער איסט סייד איז כמעט אַ יידישע גאַס. פֿאַרוואָס „כמעט״, ווייל דאָרטן, נומער 17 — אַן אַלטער בנין מיט ניין דירות — איז געווען אַ משפחה דאָן, שפּאַניש ריידנדיקע פֿון ערגעץ אין דרום אַמעריקע. האָזע דאָן האָט זיך אויפֿגעאַרבעט פֿון שלעפּ־יינגל מיט צוואַנציק יאָר צוריק ביז אַסיסטענט דירעקטאָר היינט, אין גרויסן מעבל געשעפֿט „ראַפּאָפּאָרט און בייגעלאייזען״, דאָרטן אויף די „גאַליציאַנער גאַסן״ ערגעץ לעבן דילענסי סטריט. ראַפּאָפּאָרט איז לאַנג געווען טויט. האָזע דאָן האָט זיך דערנענטערט צום טאָג ווען ער וועט אָפּקויפֿן אַ העלפֿט און ווערן אַ שותּף אין געשעפֿט וואָס וועט דאַמאָלסט הייסן „בייגעלאייזען און דאָן״. האַלבע נאַראָנים האָבן געהאַלטן געלט אין באַנק, גאַנצע נאַראָנים האָבן געקויפֿט אַקציעס אויף וואָל סטריט, האָזע דאָן האָט די פֿאַרדינסטן געזאַמלט און אַלע יאָרן געהאַלטן אין דער דירה. ער איז געווען אַ סטאָליער פֿון פֿאַך, האָט געבויט אַ קעסטעלע דאָ אין וואַנט הינטער אַ בילד, דאָ אונטער דער פֿאַדלאָגע וואו עס שטייט דער טעפּעך, דאָ אין דער סטעליע איבערן אייבערשטן לאָמפּ. מיט עטלעכע יאָר פֿריער האָט מען אַלע אַלצדינג פֿאַרלאָרן אין גרויסן קראַך, אָבער ניט האָזע דאָן. און איצט, טיף אין די קריזיס יאָרן איז די

דאָנס געווען בעסער איידער די שכנים. פרוי דאָן האָט יאָרן ניט געדאַרפט גיין אַרבעטן און די צעלאָזענע בת יחידה, עלדראַ דאָן, האָט געהאַט אַלץ וואָס ס׳האָט זיך איר דאָס האַרץ פאַרגלוסט.

אַלע אַכצן־נײַנצן יאָריקע מיידלעך אויף עלדרידזש סטריט האָט מען גערופן ביים ערשטן נאָמען, נאָר איין מיידל האָט מען אַלעמאָל גערופן ביי די ביידע נעמען עלעהיי זיי וואָלטן איינס געווען: עלדראַ דאָן. פאַרוואָס עלדראַ דאָן און ניט עלדראַ האָט קיינער ניט געוואוסט. אַזוי איז עס און פאַרטיק. פון זינט שתי שערות איז עלדראַ דאָן אַ שיינהייט. די טונקעלע הויט, די סענסועלע שטענדיק פאַמעלעך באַוועגנדיקע ליפּן, די גרויסע רונדע שוואַרצע אויגן, די לאַנגע שוואַרצע האָר וואָס פינקלען ביי דער ליכט און פאַלן אַריין אין בלוי, דאָס אַלץ האָט פון זיך אַליין גערייצט מאַנסבילן, זי האָט בלויז געדאַרפט זיין און טאָן איריקע. דאָרטן איז קיין מאָדע פון אויסגעדאַרטקייט ניט געווען, אירע גראַנדיעזע בריסטן און פולע לענדן האָבן דעם צוציאונגס־כח בייגעשטייערט ניט קיין ביסל, די ניט־דאַרע פאָדערשטע אָרעמס און הענט האָבן אויך ניט געמינערט. איין פגם איז ביי איר געווען, די ציינער. יעדער צאָן איז געווען מער אָדער ווייניקער שוואַרצלעך. איין אייבערשטער צאָן, אַ ביסל צו לינקס פון מיטן מויל, איז געווען אינגאַנצן שוואַרץ. אויך דאָס האָט איר סעקסואַליטעט נאָר צוגעגעבן. אַז זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און דאָס קלייד האָט זיך פאַרשטייפט איבער די קני האָבן די קני געהאַט אַן אַטראַקציע וואָס זעלטן איז עס דאָ ביי קני. די פיס האָט מען ניט געזען, ווייל עלדראַ דאָן האָט אַלעמאָל געטראָגן לאַנגע, לויזע קליידלעך מיט אַ סך קאָלירן. מ׳האָט גערעדט אַז זי האַנדלט איין די קליידלעך ביי די ציגיינער

אויף קלינטאָן סטריט. אַנדערע האָבן געשמועסט אַז דאָס קריגט דער טאַטע בחינם פֿאַרן צושאַרן די ציגיינער מעבל וואָס איז אונטערוועגנס אַ ביסל צעקלאַפּט געוואָרן, אַלץ מיט ביגעל־אייזענס צושטימונג.

עלדראַ דאָן האָט נישקשה גערעדט יידיש. זי האָט זיך אויסגעלערנט שפּילנדיק מיט די אַלע יידישע קינדער אין געגנט כאָטש קיין צורת אלף האָט זי נאַטירלעך ניט געקענט. אין די גימנאַזיע יאָרן זיינען אירע פֿריינדינעס געווען איטאַליענערקעס וואָס האָבן געוואוינט אין דער „קליינער איטאַליע" ווייטער אַרויפֿצוצו, זי האָט די „דזשעפּעכעס" ניט געקענט פֿאַרטראָגן. דאָס וואָרט „דזשעפּעכע" האָט זי ביי יידישע בחורים געכאַפּט. זיי האָבן עס פֿאַריידישט פֿון „דזשעפּ", אַ ראשי תיבות אויף „דזשואיש אַמעריקען פּרינסעס" — יידיש־אַמעריקאַנער פּרינצעסין, אַ האַלב־אײדל האַלב־וואולגאַר וואָרט וואָס יידישע בחורים האָבן אָנגעווענדט אויף אַמעריקאַנער יידישע מיידלעך, האַלטנדיק זיי נאָר האַלב אין שפּאַס פֿאַר געלט־הונגעריקע וועלפּיכעס, וואָס ס'גייט זיי אָן מערניט איין זאַך: „פּאַקן" אַ בחור וואָס וועט אַמאָל, אַז די קריזים יאָרן וועלן זיך ענדיקן, ווערן אַ גביר און איר אָפּקויפֿן אַ גרויס הויז ערגעץ אין לאָנג איילענד. דאָרטן וועט זי שוין באַלעבאַטעווען איבער די אָרעמע קרובים וואָס זיינען פֿאַרבליבן אין שטאָט, ווייזן זיי ווער זי איז און וואָס זי קען. זי אַליין וועט באַשטימען ווער וועט האָבן די זכיה עסן און טרינקען אין איר רייכן הויז ראש השנה, צום סילוועסטער און מער פֿון אַלץ ביי די ביידע סדרים. זי וועט געבן די דיקטאַטן ווער מעג ברענגען וועמען אויף וועלכן סדר און אַלע וועלן וויסן ווער איז אין דער משפּחה באַלעבאָס. געהייסן האָבן זיי סילוויאַ, פּילים, ביטרים און ווער וויים ווי אַזוי נאָך.

די בחורים מיט וועמען די עלדראַ דאָן איז אַרומגעגאַנגען זיינען אָן אויסנאַם געווען: יידן. טייל האָבן געהאַלטן אַז פאַר אַ מיידל וואָס קען צוציען אַבי וועלכן מאַנסביל אויף ביידע זייטן איסט בראָדוויי מיט דער בלויזער עקזיסטענץ אירער איז אַ גוי ניט קיין אויפטו. פאַרברענגען פאַרקערט מיט בחורים וואָס ציטערן איבער די „סקאַנדעלער" — אַזוי האָט מען דאָרטן געזאָגט — וואָס טאַטע־מאַמע וועלן מאַכן אַלמאַי זיי חברן זיך מיט אַ שיקסע, דאָס איז שוין אָן אויפטו. נאָכמער, אַ שיקסע־מסוכן, איינע וואָס רעדט יידיש, זאָל זיין מיט אַ שפּאַנישן ריש. דאָס וואָרט „שיקסע" איז עלדראַ דאָנען זייער געפעלן געוואָרן. זי האָט געשריבן ענגלישע לידלעך איבער דער טעמע אַלם היימאַרבעט אין די ליטעראַטור קלאַסן אין לעצטן יאָר פון דער מיטלשול. איין ליד אַזאַ האָט זי דערלאַנגט דער לערערין — אַ יידיש־קינד, מיסעס אַפּלבאַום, וויסנדיק זייער וואויל אַז דער לערערין וועט פינצטער ווערן פאַר די אויגן.

איך בין עלדראַ דאָן,
מלכה פון נאַכט, לילית פון טאָג,
בין השמשות חווה, ביז אחרית הימים,
שיקסע.

אַ בליק אַ שווערד, אַ וואָרט אַ שפּיז,
גערעדט — געפאַנגען, געגאַנגען — פאַרפאַלן,
גערירט — געשטאָרבן, פאַרליבט — פאַרראַטן,
שבעה געזעסן.

פרומע, פרייע, טאַטעס, מאַמעס,
פאַר שרעק — בלאַס, פון פחד — שלאַף.

אַלץ פון מיר, די שיקסעסטע שיקסע,
די שוואַרצע מכשפה.

מיסעם אַפּלבאַומס מנהג איז געווען בעטן אַלע שילער צום אויבנאָן לייענען זייערע קאָמפּאָזיציעס אָדער לידלעך פאַרן קלאַס. איבער וואָס זי האָט דאָסמאָל משנה מנהג געווען איז פאַר קיינעם קיין סוד ניט געווען.

ב

דאַמאָלסט איז געווען אַ גרופּע לינקע יידישע שרייבער וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין שרייבער־פאַראיין „ציפּער־בלאַט”. אָנגעפירט האָבן אַלטע צייטונגס־מענטשן, אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערן, מערסטע איבער די גבורות יאָרן. אָנטייל־גענומען האָבן נייע איסט־סיידער שרייבער, דער עיקר פּאָעטן וואָס זיינען געווען צווישן זיבעצן און פינף און צוואַנציק יאָר. מיטליעריקע האָט מען דאָרטן אויף אַ רפואה ניט געטראָפן.

דער פאָרזיצער פון „ציפּערבלאַט” איז געווען נ. קרעדענץ, וואָס האָט געהונקען איבער אַ קויל נאָך פון פינפטן יאָר. וויפל יאָר געניט אים איז געווען האָט קיינער ניט געוואוסט, מ׳האָט גערעדט אַז פינף און אַכציק וועט ער שוין מער ניט זיין. אַז ער האָט געהאַלטן אַ לעקציע צו עדעלשטאַדטס יאָרצייט האָט ער זיינע רייד באַפּוצט מיט זכרונות פון זיינע באַגעגענישן מיט עדעלשטאַדטן אין לאָנדאָן. אַז ער האָט געלייענט אַ רעפעראַט איבער עטינגער, שוין אָן זכרונות, האָט מען זיך געוויצלט אַז ער געדענקט גוט אויך עטינגער, מענדעלסאָן, אליהו בחור אַוודאי. אַפילו אָן זיין הינקען איז זיין גאַנג געווען אַ שרעקלעך

אַלטער. אַז ער האָט זיך אָבער אַוועקגעזעצט, געפירט דעם פּאָרזיץ ביי די זיצונגען פון „ציפערבלאַט" האָט קרעדענץ אויסגעזען ווי אַ שטאַרקע פערזענלעכקייט, אַ מעכטיקער ראש המדברים, מיט די ווייסע האָר וואָס האָבן זיין קיילעכדיקן פּליך אַרומגערינגלט און מיט די פּערפעקט אַרומגעשאָרענע קמדאָ־ ואזלא וואָנצעס. ער האָט אַלעמאָל געטראָגן אַ שיינעם בלויען אָנטוט און אַ קאָלירדרייכן שניפּס. די זיצונגען פונעם „ציפערבלאַט" האָט מען יעדן דאָנערשטיק אָוונט און שבת נאָכמיטיק אָפּגעהאַלטן, אין אַזאַ זאַל וואָס אַ לינקער אָנפירער פון אַ לאָקאַלער רעגירונגס־מיטלשול האָט דער גרופּע „בחינם געדונגען".

אין איינעם אַ דאָנערשטיק זיינען אַ גרופּע גימנאַזיע שילער פון לעצטן יאָר — פון צוועלפטן קלאַס נוסח אַמעריקע — געבליבן שפּעט אויף אַ רעפּעטיציע צו דער פאָרשטעלונג ביי דער גראַדואירונגס־צערעמאָניע. צווישן זיי איז געווען עלדראַ דאָן. אַרויסגייענדיק האָט זי דערזען די גרופּע שרייבער וואָס וואַרטן אונטן אָנצוהייבן מיט זייער זיצונג באַלד ווי דער זאַל וועט זיך באַפרייען. קיין פרומע זיינען דאָס ניט, יידיש האָט מען גערעדט, און צוויי יונגעלייט האָבן געטראָגן אַ גרויסע רויטע פאָן מיט אַ בילד פון אַ גרויסן ציפערבלאַט. אָנשטאָט ציפערן איז געווען אויסגעמאָלן צוועלף בילדלעך פון שטיקער געצייג, אויף איינס אַ האַמער, אויף צוויי אַ צווענגל, אויף דריי אַ רידל, און אַזוי ווייטער.

די יידישע שרייבער, ציפערבלאַטניקעס, האָט אַלע געטאָן אַ ציטער אין האַרצן אַז די קראַסאַוויצע די שפּאַניערקע מיטן ציגיינער־מעסיקן קלייד איז צו זיי צוגעגאַנגען. טייל יינגערע האָבן איר באַלד דערקענט, ס'איז עלדראַ דאָן פון עלדרידזש

סטריט. זי איז שוין געווען עקספּערט אין מאַכן זיך אַז זי באַמערקט ניט אַז אַלע קוקן. זי איז צוגעגאַנגען צו אַראַנאָ־וויטשן, אַ געלן, באַברילטן, ביינערדיקן, קליינעם ניט־שיינעם בחור, אים געגעבן צו פאַרשטיין אויף יידיש אַז זי איז ניט קיין יידישע, ריידן יידיש קען זי פון עלדרידזש סטריט און — צי מעג זי אפשר בייזיין אויף דער זיצונג פון די יידישע שרייבער?

ל. ב. אַראַנאָוויטש, אַ געבאָרענער אין פאָלטיטשען, אין רומעניע, וואָס איז געווען אין אַמעריקע אַ יאָר פינף און וואָס קיין דערפאָלג מיט מיידלעך איז ער מילד גערעדט ניט געווען, איז אַזוי צערודערט געוואָרן פון אומגעריכטן מזל, אַז די פיר יאָר צווישן די לינקע זיינען אים כהרף עין נעלם געוואָרן. ער האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער לינקער קעשענע וואו ער פלעגט אַמאָל האַלטן זיין באָבעס אַ סידורל וואָס ער האָט יינגלווייז אַ קוועטש געטאָן אַז ס׳האָט געהאַלטן שמאָל. ער האָט גענומען פלאָנטערן מיט דער צונג. טראָפּנס שוויים האָבן זיך באַוויזן אויפן שטערן. ער האָט סוף כל סוף באַוויזן צו ענטפערן.

— אַוודאי, וואָס הייסט? אונדזערע זיצונגען זיינען פאַר אַלעמען אָפן, קומט אַרויף!

קרעדענץ האָט מיטן העמערל אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און געעפנט מיטן געוויינלעכן נוסח:

— חברים און חברטעס, דערמיט ווערט געעפנט די 104טע זיצונג פון ליטעראַטור־פאַראיין ציפּערבלאַט, וואָס קעמפט פאַרן וואוקס פון דער יידישער פּראָלעטאַרישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור דאָ־הי אויפן אַמעריקאַנער באָדן.

ביינאַכט האָט זיך דעם יידן געחלומט אַז פּאָליציי וועלן צעשטערן זיינע אַ זיצונג און אַלעמען אַרעסטירן. ס׳האָט אים

ערגעץ וואו פאַרדראָסן וואָס מלכות גייט ניט אָן זיינע רייד. זאָל דער אַלטער געזונטערהייט דרשענען. די ניו־יאָרקער פּאָליציי־לייט האָבן וויכטיקערע אויפגאַבן. — — —

מיט אַלע כוחות האָבן זיך די אָנטיילנעמער געפּרואווט אויפפירן „נאָרמאַל". ס'האָט זיי געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. עלדראַ דאָנס אָנוועזנהייט, און די שטראַלן סעקסואַליטעט וואָס האָבן פון איר אַרויסגעגליט, אָן אַ טראָפּן פּאַרפום, האָבן יעדן געמאַכט מטושטש און נערוועז פון יינגסטן בחור ביזן סאַמעראָדנעם קרעדענץ. איין יונגערמאַן האָט דערלאַנגט אַ צעטל זיין שכן: „לייזער, איך מוז דיר זאָגן אַז די ווייסע זאָקן ביי דער שפּאַניערקע זיינען ניט קיין שלעכטער איינפאַל". און דאָס איבער זאָקן וואָס זען זעט מען זיי אַזש פון די קנעכלען און העט ביזל מיטלפּונקט צווישן קנעכל און קני.

די מערסטע יונגעלייט האָבן פאָרגעלייענט לידער, עטלעכע אויך אויסצוגן פון דראַמען און דערציילונגען. דערנאָך, אין דער צווייטער העלפט פון דער זיצונג האָט מען דורכגעפירט אַ „משפט" סיי איבער די זאַכן וואָס מ'האָט ערשט געהערט סיי וועגן זאַכן וואָס זיינען לעצטנס דערשינען, צווערשט אין די לינקע קרייזן גופא. אויף צו פאַרענדיקן אין אַ געהויבענער שטימונג האָט מען אַלעמאָל געשלאָסן מיט אַ משפט איבער עפּעס וואָס איז דערשינען ביי די „רעכטע" און דאָ איז שוין געוואָרן פריילעך. אַלע האָבן זיך פאַרמאָסטן ווער קען בעסער אויפווייזן די פעלער און פאַלשקייטן פון די יידישע שרייבער וואָס האָבן געהערט צו די „פאַשיסטישע", „רעאַקציאָנערע" און „רעליגיעז־קלעריקאַליסטישע" מחנות, ווער קען זיי אַמבעסטן באַשמירן מיט סמאָלע.

עלדראַ דאָנס יידיש איז געווען אַ גאַסן־יידיש, חנעוודיק

און שיין, נאָר אָן איבעריקער גראַמאַטיק, אָן „שווערע ווערטער". זי האָט געהאַלטן אַז אַרום און אַרום איז די זיצונג געווען אַ שיינע זאַך. יונגע פּאָעטן לייענען פֿון זייערע לידער, מ'דיסקוטירט, מ'אַמפּערט זיך איבער ליטעראַטור. אַ שיינע חברה. נאָך שענער דערפֿאַר וואָס מ'איז דאָ „אינטערנאַציאָנאַליסטן", דאָ וועט זיך קיינער צו איר ניט טשעפּענען אַלמאַי זי איז ניט קיין יידישע. דערצו איז דאָס ניינציק פּראָצענט מאַנסבילן, אַקיצור: גן־עדן אויף דער איסט סייד.

דער קליינער אַראַנאָוויטש האָט פֿאָרגעלייענט פֿון זיין נייסטער דראַמע „קוזינעס", אַ מעשה מיט פֿיר פּרויען, שוועסטערקינדער, וואָס האָבן אַלע געאַרבעט אין אַ פֿאַבריק וואו מ'מאַכט מענערשע פּאַסיקלעך. אַחוץ יענע פּאָר מינוט ווען ער איז געקומען צום וואָרט האָט אַראַנאָוויטש די גאַנצע צוויי מיט אַ האַלב שעה שטומערהייט איבערגעחזרט ווי אַזוי ער וועט איינלאַדן די שיינהייט אויף אַ גלעזל קאַווע פּונקט אין דער רגע ווען קרעדעניץ וועט נעמען שליסן מיט זיין „דערמיט ווערט געשלאָסן..." ער האָט געוואוסט אַז מ'דאַרף אויספֿירן די זאַך מיט מיליטערישער פּרעציזקייט. אַ סעקונדע צו פֿרי איז צו נייגעריק, ווי פֿון פֿאָרויס אַ פּלאַנירטע זאַך. אַ סעקונדע צו שפּעט וועט אַן אַנדערער פֿאַרכאַפּן, איז ווידער פֿאַרפֿאַלן. סיי ווי זיינען די שאַנסן ניט גלענצנדיק. ער איז ניט קיין שיינער. אַלע וועלן צולויפֿן צו איר. ער וועט זיין נערוועז, ריידן שטותים, האַקן אַ טשייניק, וועט נאָך דאַרפֿן אויסשטיין אַ בזיון, זען ווי זי גייט אַוועק מיט אַן אַנדערן. בעת די אַלע רעדעס און משפּטים האָט ער זיך ניט געקענט באַפֿרייען פֿון זיין ערשטער מפּלה מיט אַ מיידל אין אַמעריקע. אַ זעקס חדשים נאָך זיין אָנקומען אין ניו־יאָרק, ער האָט שוואַך געקענט ענגליש, און אַז ער האָט

געוואָלט אַ מיידל פרעגן „צי וואָלט איר מיר דערלויבט אייך איינצולאַדן...‟ האָט ער זיך צעמישט און אָנשטאָט דעם ענגלישן וואָרט „פּערמישן‟ (דערלויבעניש) האָט ער געזאָגט — „סטעפּלאַדער‟ (לייטערל). ווי אַזוי און פון וואַנעט ס׳איז אים אַריין אין קאָפּ דער „סטעפּלאַדער‟ איז ער קיינמאָל ניט דערגאַנגען. נאָר איין זאַך האָט ער אין לעבן ניט פאַרגעסן: ווי אַזוי די מיידל איז צעזעצט געוואָרן לאַכנדיק.

אַז דער חבר קרעדענץ האָט סוף כל סוף אַ קלאַפּ געטאָן מיטן העמערל, האָט אַראַנאָוויטש מעטאָדיש, כלומרשט ספּאָנטאַן, געלאַסן געפרעגט עלדראַ דאָנען צי זי האָט הנאה געהאַט פון דער זיצונג און מיטן זעלביקן אָטעם, צי וויל זי מיט אים גיין טרינקען אַ גלאָז קאַווע אין אַ קאַפע אויף עווענױ איי. אַלץ איז געווען ביי אים דורכגעטראַכט. וואָס טויג אים פאַרבעטן עלדראַ דאָנען אין קאַפע „איראָפּאַ‟? דאָרטן וועלן די אַנדערע ווידמענען ווי די היישעריקן. זי האָט איינגעשטימט.

— פאַרוואָס ניט?

— טאָ לאָמיר גיין!

ג

פונקט יענע וואָך האָט אַראַנאָוויטש געהאַט אַ ביסל געלט, ער האָט דאָ און דאָרטן איבערגעזעצט פון ענגליש אויף רומעניש פאַר אַ פאַרלאַג אין בוקאַרעשט. זיי זיינען אַנטלאָפן פון זאַל נאָך איידער די אַנדערע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַריינמישן. אין דער היץ פון דער אָפּעראַציע האָט ער איבערגעלאָזט דעם כתב־יד פון די „קוזינעס‟. עמעצער האָט עס

געגעבן ביאַליסטאָקן, דעם סעקרעטאַר, ער זאָל עם אומקערן שבת אַראַנאָוויטשן.

מ׳האָט געשטוינט ווי גיך עלדראַ דאָן איז מיט אַראַנאָוויטשן אַוועק. מער פון אַלץ האָט דאָס פאַרדראָסן דעם פּאָעט ז. ז. דאָבקין, וואָס איז ניט געווען קיין קליינער, מיאוסלעכער, געלער, ביינערדיקער יונגערמאַן. ער איז געווען אַ קראַסאַוויץ וואָס האָט כסדר געמוזט אַנטלויפן פון די אַלע מיידלעך וואָס האָבן זיך צו אים צוגעטשעפּעט. אַ שיינער, הויכער, שטאַרקער בחור, מיט געקרייזלטע שוואַרצע האָר און בלויע אויגן, האָט ער געהאַט אַ ווייכע מעלאָדישע שטימע. די פריינדינעס האָבן אים אַ נאָמען געגעבן „זיזי" לויט די צוויי איניציאַלן וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט צי איז דאָס זעליג־זלמן, צי זיסקע־זאַנוול צי זבולון־זאַלקינד. די אַנדערע ציפּער־בלאַטניקעס האָבן דעם בחור האָלט געהאַט. ער׳ט זיי אַלעמען צוגעשאַרט מיידלעך — „טרענערקעס".

קרעדעניץ, ביאַליסטאָק און די איבעריקע אַלטע לייט זיינען אַהיים שלאָפן. אַנדערע זיינען אַוועק, ווי ווער, ווער וואו. זיזי דאָבקין מיט זיין קליקע, אַ פּופּצן מאַן, זיינען אַוועק אין קאַפע „איירעָפּאַ" דיסקוטירן ניט די נייע זאַכן וואָס מ׳האָט ביי דעם אָוונט פאָרגעלייענט נאָר וואָדען, דעם גרויסן בייזוואונדער, ווי אַזוי און פאַרוואָס און מיט וואָסערע כוחות האָט דער מיאוסקייט אַראַנאָוויטש געפּועלט די קראַסאַוויצע עלדראַ דאָן זאָל באַלד אַוועקלויפן מיט אים, דעם קורדופּ. אַז מ׳איז שוין געזעסן אין קאַפע האָט מען זיך פאַרטיפט אינעם ענין.

— אַ רגע, די זאַך דאַרף מען אַנאַליזירן ריכטיק. זי איז דאָך צו אים צוגעגאַנגען דאָרטן אונטן נאָך פאַר דער זיצונג. יאָ צי ניין?

— האָסט רעכט, מסתמא איז ער איר באַלד געפעלן געווען.

— וואָס דרייסט דעם קאָפּ? ער איז געשטאַנען אַמנאָענטסטן צו די שילער פון דער רעפּעטיציע דאָרטן.

— אמת, און יענע האָט דאָך ניט געוואָלט מאַכן דעם איינדרוק אַז זי קומט זוכן אַ בחור, איז זי אַוועק צום נאָענטסטן און אַראָפּ פון מאַרק.

— אפשר קען זי זיך מיט אים אַ ביסל פון פריער.

— דו ווייסט צי דו רעדסט סתם?

— וואָס טויג די אַלע רייד, אַזוי איז געווען.

— ניין, איך האָב אַליין געזען ווי זי איז צוגעגאַנגען די פּאָר טריט צו אים. אַזאַ שיינהייט האָט שוין אירע קונצן, דאָס איז אַלץ טעאַטער שפּיל אונדז אַלעמען אָנרייצן מ׳זאָל נעמען איר נאָכלויפן.

— ברודערקע, ס׳איז דאָ וואָס נאָכצולויפן.

— וואָס האָט איר אַלע צו אַראַנאָוויטשן?

— גאָרניט, נאָר ער איז מיאוס ווי דער טויט, קלעפּט זיך ניט די גאַנצע מעשה.

— טאָ וואָס פאַרגינסט אים ניט?

— איך פאַרגין אים.

מיטאַמאָל איז אַריין אין קאַפע „איראָפּאַ" זלאַטע בערענהאָלץ, „די עושרטע". ווען איר טאַטע וויים אַז זי דרייט זיך אַרום מיט „די שמוציקע קאָמוניסטן" וואָלט ער איר דעם קאָפּ געפּלעט. זלאַטע האָט עלדראַ דאָנען געקענט פון דער גימנאַזיע און באַלד האָט מען איר דערציילט וואָס האָט יענעם אָוונט פּאַסירט.

— לכבוד אייער אַלעמענס מפּלה בין איך היינט יעדן

איינעם מכבד מיט אַ רפואה שלימה. ס׳איז אוים „פּראָהיבישן״! מ׳מעג שוין טרינקען אויך אין קאַפע „איראָפּאַ״. וואָס זאָל עס זיין? קאָניאַק!

— בראַוואָ, זלאַטע! די רעטערין פון אַרבעטער קלאַס!

— איך זע ניט קיין אַרבעטער קלאַס, איך זע נאָר אַ באַנדע וואוילע יונגען פויליאַקעם וואָס צעטרעגצלען די יאָרן מיט נאַרישע זיצונגען. איר זייט דאָך אַלע אָרעמע אימיגראַנטן וואָס אַמעריקע האָט אייך געגעבן אַ היים, אָן פּאָגראָמען, און אָנשטאָט איר זאָלט זיין דאַנקבאַר וואָס טוט איר? איר מאַכט רעוואָלוציעס און ווילט איבערקערן דאָס לאַנד! שעמען זאָלט איר זיך אַלע!

— ניין, פאַרקערט, מיר האַלטן אַ וועלט פון אַמעריקע, דערפאַר ווילן מיר עס פאַרוואַנדלען אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד.

— וואָס טויגן אייך אַלע מעשיות, איר זיצט דאָך אַלע אויף דר׳ערד, ס׳איז תשעה באב! און ניט צוליבן קאַפּיטאַליזם... צוליב דעם וואָס די שפּאַניערקע איז אַוועק מיט אַראַנאָוויטשן! וואו איז דער קעלנער, שלמה — אַהער, דערלאַנג אַלעמען אַ גלעזל קאָניאַק אויף מיין חשבון. אָבער גלייך!

— בראַוואָ, זלאַטע!

— ניט פאַר מיר — האָט אינכעסערהייט געזאָגט דער לינקסטער שבחבריא, יאָסלזאָן, — כ׳ל ניט טרינקען פון דעם וואָס איר טאַטע דער עקספּלואַטאַטאָר בערענהאָלץ האָט אָנפאַרדינט פונעם שוויים פון זיינע אַרבעטער.

— נאַרעלע, מיין טאַטע אַרבעט טאָג און נאַכט זיין משפּחה און די משפּחות פון זעכצן אַרבעטער צו שפּייזן. און איר? איר פּלאַפּלט אַלע אויף זיצונגען מיט אַ גרויסער קאָמישער

רויטער פּאָן מיט אַ נאַריש בילד פון אַ זייגער מיט געצייג וואָס פּאַסט פאַר אַ קינדערגאָרטן. אַ שמחת תורה פּאָן צו פּורים! גרויסע קנאַקער! איי סאַראַ קעמפּער! או־אַ!

יאָסלזאָן איז אַרוים. ביי אים האָט מען ניט געמאַכט קיין וויצן אויפן חשבון פון דער רעוואָלוציע. זלאַטע בערענהאָלץ האָט געהייסן דעם קעלנער ער זאָל יאָסלזאָנס גלעזל אַליין אויסטרינקען דער באַלעבאָס זאָל ניט באַמערקן. זי האָט זיך אומגעדרייט צו זיזי דאָבקין:

— און וואָס זאָגט דער קאַוואַליער, דער ראָמעאָ דאָבקין? זיזי, גיב לשון, וואָס זיצטע דאָרטן ווי אַ ליימענער גולם? אוים קאַפּעליוש־מאַכער, אַ? טכע, איך געדענק ווען יעדע מיידל וואָלט די אייגענע מאַמע פאַרקויפט צו זיין לעבן דיר. איי איי איי!

— נאַרעלע, דאָס שפּילט זי זיך מיט אונדז! — האָט זיזי סוף כל סוף גענומען אַ וואָרט, — זי איז צוגעגאַנגען צום רומענער און אַוועק מיט אים ווי אַ פאָרשפּיל צו אירע אַוואַנטורעס אין אונדזערע קרייזן. זי דערוואַרט אַז מיר זאָלן איר אַלע גיין איצטער נאָכלויפן און דאָס וויל זי טאַקע. איין זאַך קען איך דיר פאַרזיכערן, זלאַטע. אַז אַזאַ שיינהייט גייט צו צום רומענער איז עס מיט פּניות און דריידלעך.

— וואָס האָסטע צו די רומענער?

— קיין זאַך ניט. נאָר וואָס דרייט זיך דער אַראַנאָוויטש אַרום מיט די רומענישע איבערזעצונגען די גאַנצע צייט? כיי וואָלט ער בעסער אַרבעטן אויף די דראַמען, זאָל כאָטש אַרוים פון אים עפּעס אַן ערנסטע זאַך!

— פאַרגינסט אים ניט וואָס ער האָט אַרבעט, אַ? איך מיין אַז אונדזער זיזי איז אַ קאַפּיטשקע... פעפערזיכטיק!

— אַדרבא, וואָס ווילסט זיך ווערן אַז ווער ס׳וויל פון אונדז קען אַרויסגיין מיט דער עלדראַ דאָן?

— אויב דו קענסט מאַכן מיט איר אַ „דעיט״ גיב איך דיר אַ גאַנצן דאָלער.

— געמאַכט! — און דערווײַלע האָט זיזי מיט איין שלוק אויסגעטרונקען דאָס גלעזעלע קאָניאַק, דעם קאָפּ אויסגעצויגן אויף הינטערווײַלעכס, האַלטנדיק בשעת מעשה די לינקע האַנט אויפֿן קאָפּ ווערדליק ער היט די יאַרמלקע־וואָס־איז־ניטאָ, ס׳זאָל ניט אַראָפּפֿאַלן.

ד

לייבל אַראַנאָוויטש און עלדראַ דאָן זײַנען געזעסן ביז עלף אַזייגער אין דער קאַפֿע אויף עווענױ „איי״. אַז ס׳האָט זיך פֿאַרמאַכט זײַנען זיי אַוועק אין אַן אַנדער קאַפֿע אויפֿן ראָג פֿון זיבעטע גאַס וואו מ׳האַלט אָפֿן אַ גאַנצע נאַכט. זיי האָבן גערעדט און גערעדט, הנאה געהאַט פֿון דעם וואָס זיי ריידן אויף יידיש. עלדראַ דאָן האָט אים געבעטן ער זאָל איר פֿאָרלייענען פֿון זײַנע דראַמען. ער האָט זיך געכאַפּט אַז די „קוזינעס״ האָט ער איבערגעלאָזט אין זאַל. געוויינלעך וואָלט דאָס אים געמאַכט היסטעריש נאָר איצטער אַז ער זיצט ביי איין טישל איינס פֿאַרטאָג מיט עלדראַ דאָנען, איז אַ כפּרה די „קוזינעס״, ס׳עט ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן, עמעצער וועט עס אים שבת אָפּגעבן. ער האָט געהאַט אין בוזעם־קעשענע אַ פּאָר זייטלעך פֿון אַ שפּאָגל נייער דראַמע, „אַרטילעריע״, אַ קאָמעדיע. ער, דער קליינער געלער אַראַנאָוויטש, האָט

פֿאָרגעלייענט אין קאַפּע, און זי, די שיינהייט עלדראַ דאָן האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, אים איבערגעפֿרעגט דאָרטן וואו איר איז ניט קלאָר געווען. זי איז געווען שטאָלץ וואָס אַ יונגער יידישער שרייבער לייענט פֿאַר איר זיינע ווערק, בעסער האָט זי געטראַכט ווי אַרומשלעפּן זיך מיט די „בולוואַנעס”, ווי די יידן האָבן דאָרטן גערופֿן פּראָסטע שקצים און בפֿרט די יונגע איטאַליענער וואָס האָבן געוואוינט ווייטער אַרויפֿצוצו.

דער עסק צווישן אַראַנאָוויטש מיט עלדראַ דאָן איז גראַדע געגאַנגען. אַ וואָך שפּעטער איז זי שוין געווען ביי אים אין זיין מעבלירטן צימער אויף דיוויזשאָן סטריט האַרט לעבן דער מאַנהעטן בריק, וואו די סאָבוויי באַנען האָבן טאָג און נאַכט געקלאַפּט און געסקריפּעט. אַראַנאָוויטש איז געוואָרן בלאַס. ער האָט זיך דערמאָנט וואָס פֿאַראַ דורכפֿאַל ער איז געווען מיט די פֿיר מיידלעך וואָס ער האָט זיי אין זיין לעבן באַוויזן אַריינצונאַרן אין בעט אַריין. אָדער דער קליינער האָט זיך געמאַכט געפֿגרט, אָדער ער האָט באַוויזן וואָס ער איז פֿעאיק פֿאַר יום־טוב, קודם לזמן. די מיידלעך זיינען צו אים ניט צוריקגעקומען. גאָטס נסים, מיט עלדראַ דאָנען איז געגאַנגען ווי אויף רעדלעך. אַפּנים, זי איז ניט געווען קיין גרינע אין הלכות ליבע. זי האָט אים לאַנג געקושט און געגלעט, איבערן פֿאַרעקשנטן חברהמאַן געוועלטיקט ווי אַ מאַמע קאַץ איבער איר קעצעלע און זי האָט דעם קליינטשיקן טאַקע אָנגערופֿן „קעצעלע”. עלדראַ דאָן איז געווען האַרין, אַראַנאָוויטש דער אונטערטעניקער. פֿון דער ליבע־שפּיל האָבן זיך ביידע אויפֿגעכאַפּט געזעטיקט, צופֿרידן און אפֿשר קען מען אַפֿילו זאָגן פֿאַרליבט.

עלדראַ דאָן איז מיט אַראַנאָוויטשן אַרומגעגאַנגען אומעטום. ער האָט מיט איר געלערנט לייענען און שרייבן

יידיש. צום געבאָרנטאָג האָט ער איר געגעבן אַ מתּנה האַרקאַווי'ס ווערטערבוך, דעם נייעם, מיט פּראַכט־איינבונד. האָזע דאָן איז געווען פּאַרזונקען אין די געשעפטן. אין גאַנצן איז יענע יאָרן קיין קונים ניט געווען, פּלעגט מען „עקספּאָרטירן" מעבל אין ברוקלין, קווינז, ניו־דזשערזי און נאָך ווייטער. ער איז אַלעמאָל אַרומגעלאָפן. די מאַמע איז געווען אַ ליבעראַלע. דער געדאַנק אַז איר טאָכטער גייט מיט אַ יונגן יידישן דראַמאַטורג האָט געפונען אַ געוויסן חן אין אירע אויגן. אַראַנאָוויטשעס עלטערן זיינען נאָך געווען אין אייראָפּע, איז ניט געווען וואָס צו ריידן. איסט־סיידער האָבן ליב געהאַט אַז עפּעס קאָכט זיך. אַן אַלטער פּוילישער ייד מיט אַ לאַנגער באָרד וואָס פּלעגט זיינע טעג פּאַרזיצן אויף אַ בענקל לעבן אַריינגאַנג צו קאַנטראָוויצעס דעליקאַטעס, פּלעגט לצנותדיק אַ שריי טאָן צום פּאָרל:

— שקר מיט שלימזול!

אַ יונגער רב אויף העסטער סטריט האָט נאָר געוואָלט וויסן ווען זי גייט זיך מגייר זיין, געבעטן צוזאָגן אַז מ'עט גיין נאָר צו אים אויף גיור און מסדר קידושין זיין. עלדראַ דאָן האָט אים אַלעמאָל געענטפערט די זעלבע זאַך.

— דאַגהט ניט, אַז מ'עט מאַכן 'עט מען מאַכן נאָר ביי אייך.

סיי אויף אַראַנאָוויטשן סיי אויף זיינע דראַמען האָט מען גענומען קוקן מיט אַנדערע אויגן. דער שפּלותדיקער, שעמעוו־דיקער לאָ־יוצלח איז געוואָרן אַ גאַנצער קנאַקער. דער פּאַרלאַג „אַלאַרם" ביים ציפּערבלאַט האָט די „קוזינעס" באַשלאָסן אַרויסגעבן. מ'האָט געשמועסט אַז מ'וועט עס אויפפירן אויף דער בינע דעם קומעדיקן סעזאָן אויף צווייטע עוועניו.

ה

אַלע זיינען געווען זיכער אַז אָט אָט וועט זיזי דאָבקין פּרובירן פאַרבעטן עלדראַ דאָנען אויף אַ ראַנדעוואו, אָפּמאָנען זיין חלק כבוד ביי דער קליקע און אויך דעם דאָלער ביי זלאַטע בערענהאָלצן. ניט געטראָפן. זיזי דאָבקין האָט זיך ניט געמישט. נאָך יענעם אָוונט אין קאַפע „אייראָפּאַ" האָט ער זיך זייער געביטן. געוואָרן אַ שטילער, אַ צוריקגעהאַלטענער, אַ נעלם. ניט מ׳עט אים געזען, ניט מ׳עט אים געהערט. באַלד נאָך די זיצונגען פון ציפּערבלאַט פלעגט ער מאַכן פליטה. זיין אַמאָליקע קליקע, וואו ער איז געווען די צענטראַלע פּערזענלעכקייט, איז צעפאַלן געוואָרן. געקומען דער זומער, דער האַרבסט, דער ווינטער.

מער פון אַלצדינג האָט זיזי׳ן פאַרדראָסן וואָס מ׳האָט די „קוזינעס" אַרויסגעגעבן אַלס בוך און דערצו גייט מען עס באַלד אויפפירן אויף צווייטע עווענױ. ס׳האָט אין אים געברענט אַ קנאת סופרים. ער האָט זיך דערשלאָגן, זיצנדיק אין זיין איינזאַמען צימערל אויף הענרי סטריט, אויף אַ געניאַלן פּלאַן. יאָ, יענער אָוונט דאַמאָלסט אין קאַפע „אייראָפּאַ" האָט אים געגעבן די אינספּיראַציע צו זיין ערשטן בוך. ער וועט שרייבן אַ בוך לידער וואָס וועט הייסן: „עלדראַ דאָן". לידער דאָ און דאָרטן, צעוואָרפענע איבער זשורנאַלן פאַרגעסט מען. ווער דאַרף עס האָבן? אַזוי איז אויך מיט נאָך אַ בוך מיט אָנגעקליבענע לידער סתם. יאָ, אַלע וועלן ריידן און שרייבן וועגן דער לאַנגער פּאָעמע וואָס וועט אויספילן אַ גאַנצן בוך, אַ בוך וועגן דער יידיש ריידנדיקער שפּאַנישער שיינהייט וואָס ברענגט ליכט און פרייד אויף דער פינצטערער איסט סייד. דאָס

וועט זיין אַן אייביק ווערק וועגן ליבע, שיינקייט און פריינטשאַפט צווישן פעלקער אַלם לייזונג אויף דער אָרעמקייט און פינצטערניש פון אַלע גרויסע וועלט־כרכן.

ביי זיך אין צימערל האָט זיזי טאָג און נאַכט געהאָרעוועט איבערן בוך. ער האָט געשיקט מוסטערן פון די לידער צו זיינעם אַ באַקאַנטן אין אַ מאָנטרעאַלער פאַרלאַג. זיי האָבן אָנגענומען דעם בוך. די חברה אין ניו־יאָרק וועלן ניט וויסן פון גאָרניט ביז ס׳וועט אַרויס די באַמבע. ווען ער האָט ניט געאַרבעט האָט ער געחלומט פונעם דערפאָלג פון ז. ז. דאָבקינס „עלדראַ דאָן״. דערנאָך וועט זיין די זיצונג פונעם ציפערבלאַט, וואו ער, דער יונגער העלד, וועט פאָרלייענען פון בוך. חדשים לאַנג האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אין דמיון אַראַנאָוויטשעס פּנים, ווי ס׳וועט אים פינצטער ווערן פאַר די אויגן, ווי אַזוי עלדראַ דאָן, קוים גלייבנדיק אַז מ׳האָט געשריבן וועגן איר אַ בוך יידישע פּאָעזיע, וועט אַליין צוגיין צו אים, ז. ז. דאָבקין, זיך דערקלערן אין ליבע צו אים, דאָבקינען. דער געלער מיאוסקייט אַראַנאָוויטש וועט שוין זיין פּנים מער ניט ווייזן אויף דער איסט סייד. זיזי׳ס אויסגעפּוצטע קליידער צו דער זיצונג זיינען חדשים לאַנג געהאַנגען גרייט, אויף אַ טשוועק אין טיר פון זיין צימער. ער האָט געבאָרגט ביי אַ שכן אַ פּלעשעלע קעלנער וואַסער. די אויסצוגן וואָס ער וועט פאָרלייענען האָט ער טעאַטראַליש געלערנט אויף אויסנווייניק, מערניט ער וועט האַלטן דעם בוך אין האַנט פון דראַמאַטישקייט וועגן. און אין זעכציק יאָר אַרום, ווען ער, דער קעניג פון די יידישע פּאָעטן וועט זיינע זכרונות שרייבן, וועט ער דאַמאָלסט „מודה זיין״ אַז די אינספּיראַציע צו „עלדראַ דאָן״ איז געקומען פון דעם וואָס אין איינעם אַן אָוונט אין קאַפע „אייראָפּאַ״ איז די בורזשואַזנע זלאַטע בערענהאָלץ

מיט אים גענגאַנגען אין געווען פאַר אַ דאָלער ווען דעם צי ער קען מאַכן מיט דער מיידל אַ ראַנדעוואו. ער, דער שעפּערישער ז. ז. דאָבקין האָט גובר געווען די קליינלעכקייטן און זיך ענערגיש מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין זיין ווערק.

ו

אַראַנאָוויטשן איז יענע צייטן ווייטער געגאַנגען גוט. די ערשטע וואָך וואָס מ׳האָט די „קוזינעס" אויפגעפירט אויף דער בינע איז קלאָר געווען אַז ביים עולם נעמט עס אוים. ער האָט געהאַט דערפון האָנאָראַר. ער האָט שוין פאַרדינט אויך בעסער פון די רומענישע איבערזעצונגען. שוין זעקס חדשים גייט ער מיט זיין געליבטע, עלדראַ דאָן. די גאַנצע איסט סייד איז אים מקנא. דערלעבט יאָרן.

מ׳עט געקלאַפּט אין טיר. אַראַנאָוויטש האָט גוט געקענט עלדראַ דאָנס קלאַפּן. ער איז צוגעלאָפן, האָט אויפגעעפנט, איר אַ הייב געטאָן פאַר פרייד. ער האָט איר באַלד געגעבן אַ קעסטעלע שאָקאָלאַדן. פון זינט ער האָט געהאַט מיט וואָס צו קויפן האָט ער אַלעמאָל געהאַלטן אין דער דירה מתנות פאַר עלדראַ דאָנען. ווען נאָר זי מאַכט אים אַ סורפּריז האָט ער אויך פאַר איר אַ סורפּריז.

— וועסט ניט גלייבן, עמעצער האָט ווענן מיר אָנגעשריבן אַ בוך אויף יידיש!

— וואָס איז דאָס? ווען?

— דו קענסט אים. פון ציפּערבלאַט. ז. ז. דאָבקין. מ׳רופט אים זיזי.

— דאָבקין האָט וועגן דיר געשריבן אַ בוך!? ס'איז אַרוים? האָסט עס געזען?

— יאָ, ער האָט עס מיר צוגעשיקט. מיט זיין אונטערשריפט! אַ בוך וואָס הייסט „עלדראַ דאָן"! מיין משפּחה אין דרום אַמעריקע האָט ניט געטראַכט אַז וועגן זייערם אַ קינד וועט מען אין ניו־יאָרק אַמאָל שרייבן אַ בוך פּאָעזיע אויף יידיש! אַ מערקווערדיקער מענטש, דער זיזי דאָבקין. נאַ, טו אַ קוק אויפן ערשטן ליד אין בוך:

שטיי איך
ביים ראָג אין
גאַס אַ דולער
פאַרנאַכט. און אומעט
באַדעקט טוכלע ברואים
מיט דעקלעך פון מיסט־פּעסער
גיסט אָן טראָפּנס יאָד פון דעכער.
אין פאַרע פון גאַס אָט אַ מיראַזש
אַ שכאַרכוירעם איבער איסט בראָדוויי שוועבט
מיט שולאַמיסעם גאַנג די־אָ כמאַרנע גאַס
אין שמיראַמיס־גאָרטן פאַרוואַנדלט: דאָ, קום, זע
דער אומעט צעגאַנגען, פון קויאַך נוקווע וואָס שפּרייזט
איבער שטאָט. און איך שטיי שטאַר ווי אין דער מידבער אין טראַנס
און זע, שטאָט־מאָן, אָ, עלדרידזשער פּרינצעסין, אָ עלדראַ דאָן.

— העי, קוק, דאָס איז נאָר דאָס ערשטע ליד. אַ גאַנצער בוך וועגן מיר! שטעל זיך פאָר! קענסט מיר שפּעטער העלפן מיט די שווערע ווערטער? הער, זיזי האָט געלאָזט אַ צעטל מיר זאָלן אים ביידע טרעפן היינט ביים וויליאַמסבורג בריק נאָך

וועטשערע, אַזייגער נייַן, ער וויל אונדז פֿאַרבעטן אויף אַ לחיים לכּבֿוד דעם בוך. מיר וואָלטן געדאַרפֿט צוגיין נאָר איך האָב צוגעזאָגט גיין ערגעץ מיט דער מאַמען. איי ווען די מאַמע וועט דאָס זען!

— דו גיי, עלדראַלע, איך וועל טרינקען היינט דעם לחיים מיט דאָבקינען און דערוויילע וועל איך מיט אים אָפּריידן אויף אַ נייער באַגעגעניש זאַלבעדריט מיט דיר אויכעט. מאָרגן אָוונט איז גוט?

— געמאַכט.

ז

אַ פֿערטל פֿאַר נייַן האָט אַראַנאָוויטש געוואַרט ביים מאַנהעטן ברעג פֿון וויליאַמסבורג בריק. ער האָט באַטראַכט די רווישנדיקע דילענסי סטריט. אים איז איינגעפֿאַלן אַז בעצם איז די בריק אַ המשך פֿון דילענסי סטריט מערניט די שמוציקע וואַסערן אונטן זיינען פֿאַר אַלע אָפֿן, בעת אונטער דילענסי סטריט שווימען זיי באַהאַלטענערהייט אין דער קאַנאַליזאַציע.

פּינקטלעך נייַן אַזייגער האָט זיך באַוויזן דאָבקין, אַן אַנטוישטער אַלמאַי ס׳וואַרט דאָרטן אַראַנאָוויטש אַליין, ניטאָ עלדראַ דאָן.

— אַ גוטנאָוונט, דאָבקין!

— וואָס דערציילסטו עפּעס גוטס, אַראַנאָוויטש?

— נישקשה, קוק ווי שיין ס׳איז ניו־יאָרק ביינאַכט פֿון דאַנעט. אָרעמקייט זעט מען נאָר פֿון דער נאָענט.

באַלד ווי ער האָט דערזען זיזי דאָבקינס רוקן, האָט ער

אַרויסגענומען אַ מעסער, ניט קיין איבעריקס שאַרפן און ניט קיין איבעריקס גרויסן, און דעם מעסער מעטאָדיש און רואיק אַריינגערוקט אין דאָבקינס לינקער זייט. צו טיף האָט דער מעסער ניט אַריינגעבויערט אָבער דאָבקין איז געבליבן אין שאָק, פאַרגליווערט ווי אייז און האָט אַ שריי אויס געטאָן. בלוט האָט זיך געגאָסן פון וואונד. דער קליינער אַראַנאָוויטש האָט מיט איבערנאַטירלעכן כח דאָבקינען אַ הייב געטאָן, איבערגערוקט איבערן פּאַרקאַן און אַ שליידער געטאָן אין טייך אַריין. אינדערלופטן האָט דאָבקין אַרויסגעלאָזט אימהדיקע קולות וואָס האָבן זיך צונויפגעמישט מיטן טומל פון באַנען און מאַשינען און די געשרייען פון הולטייעס ניט ווייט. אַראַנאָוויטש האָט דעם מעסער גלייך אַריינגעוואָרפן אין טייך און איז אַריבער ביז יענער זייט בריק אין ברוקלין. צומאָרגנס האָט מען דאָבקינס אויסגענעצטן צעבלוטיקטן קערפּער אַרויסגעשלעפּט פון טייך. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען אַראַנאָוויטשן געפונען, שיכור ביז פּאַפּלעקסיע, אין אַ וויליאַמסבורגער הויף אין ברוקלין. מ׳האָט אים באַלד אַריינגעזעצט אין דער תפיסה „סינג סינג״.

די צייטונגען האָבן געקלונגען מיט דער מעשה. די גאַנצע שטאָט האָט זיך דערוואוסט אַז די פּיעסע פונעם יידישן דראַמאַטורג דעם מערדער פּירט מען אויף אויף צווייטע עווניו. מ׳האָט באַלד אויספאַרקויפט אין פּאָרויס בילעטן אויפן גאַנצן סעזאָן. דער אַגענט פלעגט אַלע וואָך ברענגען אַראַנאָוויטשן אַ זאַק מיט געלט אין זיין צעל אין סינג סינג. ער האָט עס צעטיילט די וועכטער מיט די אַנדערע תפיסהניקעס זיי זאָלן אים אַלע באַהאַנדלען ניט ווי אַ מערדער נאָר ווי דעם גרויסן דראַמאַטורג ל. ב. אַראַנאָוויטש.

יענעם דאָנערשטיק האָט חבר קרעדעניץ אָנגעפּירט מיט אַ טרויער-אָוונט לזכר דעם יונגן פּאָעט וואָס האָט דעם אָוונט לכבוד זיין ערשטן בוך ניט דערלעבט. מ׳האָט פאָרגעלייענט דעם גאַנצן בוך זיינעם, „עלדראַ דאָן״.

האָזע דאָן איז אַוועק מיט דער משפּחה וויט, אין אַן אַנדער שטאָט. פון זיין חלום ווערן אַמאָל אַ שותף מיט ביגעלאייזען האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.



# ראַסע מצבה

ראַסע בענדע־גד׳ס איז געווען אַ שוואַרצהנעווידיק מיידעלע מיט שוואַרצע אויגן און לאַנגע שוואַרצע צעפּ. די אונטערשטע ליפּ האָט זיך ביי איר אַלעמאָל אַ ריר געטאָן מיט אַזעלכע מינעס וואָס זאָגן אָן אַז אָט גייט זי אַ לאַך טאָן. איר איז געווען ניט־גוט לעבן די אַנדערע מיידלעך וואָס האָבן געלערנט שרייבן, דאַוונען, תחינות, חשבון און נאָך וואָס ביי ר׳ זוסמאַן דעם מיידלשן מלמד אין סוויר. זיי אַלע זיינען געווען סווירער מיידלעך. ראַסע איז געווען אַ דאָרפישע, אַ בת יחידה ביי טאַטע־מאַמע, בענדע־גד און כאַשקע. די מיידלעך האָבן איר אָפּגעלאַכט איר ריידן, איר אָנגערופן „שוואַרציאָר", „פּויאַרטע" און „די סטראַשונקע", אַן אָנצוהערעניש אויף סטראַטשע, דאָס דאָרף וואו זי האָט געלעבט. צוערשט האָט בענדע־גד אַליין געלערנט מיט ראַסע׳ן דאָס וואָס ער האָט געקענט. אַז דאָס טעכטערל האָט אים דעריאָגט האָט ער איינגעסדרט מ׳זאָל איר אַלע טאָג אָפּפירן אין נאָענטסטן שטעטל, אין סוויר, צום מיידלשן מלמד. דערווייליע האָט ער געהאַט אין זינען ראַסע זאָל זיך שפּילן מיט אַנדערע יידישע מיידלעך. אין סטראַטשע האָט זי זיך געשפּילט מערניט מיט די פּויערשע מיידלעך, גערעדט מיט זיי פּויעריש.

גאַנצע דריי זאַכן איז סטראַטשע: דאָס דערפל, צווישן

סוויר און מיכאַלישעק, אויפן שימענישקער וועג, וואָס פירט סוף כל סוף אין דער מעטראָפּאָליע פון יענע מקומות: סווינציאַן, מיט אירע צען גאַסן און צוויי שולן. דאָס טייכל וואָס ביים דערפל. אויך די וואַסערמיל וועמענס גרויסע רעדער ס׳דרייען זיך מיטן כח פון די וואַסערן פון טייכל וואָס ביים דערפל רופט מען אָן: סטראַטשע. די וואַסערמיל האָט געהערט דעם סווירער גביר ישראל־יוסף חייט, יעיסקע מילנער ט׳מען אים גערופן. אַלע אינדערפרי פלעגט ער אַראָפּפאָרן פון סוויר צו דער מיל. איינגעשפּאַנט דעם פערד און דעם באַלעבאָס אָפּגעפירט אין סטראַטשע האָט זיין געטרייער מענטש, ליאָלקע דער סטרונויצער (זיינער אַן עלטערזיידע איז אַריינגעפאָרן אין סוויר פון סטרונויץ).

אויפגעעפנט די מיל פאַרטאָג האָט בענדע־גד. ער פלעגט צוגיין די פּאָר טריט פון שטוב ביז אין דער מיל, צוגרייטן די מאַשינעריע צום אויפגייענדיקן טאָג. אַז די וואַסערמיל האָט גענומען ברומען און דרייען מיטן פולן אימפּעט האָבן זיך באַוויזן פויערים פון אַרום און אַרום, ווער מיט מעל, ווער מיט גרויפּן, ווער מיט האָבער, ווער מיט נאָך וואָס. אַכט דורות איז די פאַמיליע זיינע געווען די איינציקע יידישע משפחה אין סטראַטשע. אַכט דורות האָבן זיי געאַרבעט ביי דער וואַסערמיל.

ראַסע איז מיטן טאַטן געווען זייער נאָענט. בענדע־גד פלעגט מיט איר גיין אויף לאַנגע שפּאַצירן אין וואַלד. מער ווי אַלץ איז איר געפעלן די וועלדער וואו יעדער בוים איז אַ בעריאָזע. ער פלעגט איר אָפּטמאָל מיטנעמען אין דער מיל, וואו זי פלעגט זיצן און צוקוקן. דאָס האָט דעם באַלעבאָס גאָרניט ניט געאַרט, פאַרקערט, יעיסקע מילנער פלעגט איר ברענגען פון סוויר צוקערקעלעך און צאַצקעלעך. ביי ראַסע׳ן איז קיין

גרעסערער וואונדער אויף גאָטס וועלט ניט געווען. אַרום און אַרום איז געווען שטיל, פעלדער, וועלדער, טייכעלעך און אָזערעס, און פונקט אין סטראַטשע שטייט אַ ריזיקער שטיינערנער בנין פול מיט גיגאַנטישע גרויסע אייזערנע רעדער וואָס דרייען זיך, יאָגן זיך. וויפל מאָל זי האָט ניט געפּרואווט איבערציילן וויפל רעדער זיינען אין דער מיל פאַראַן איז איר ניט געלונגען. אָט די ראָד האָט זי שוין אַריינגערעכנט אין קאָן צי ניט? איין זאַך איז זי דערגאַנגען אַז זי איז נאָך געווען גאָר יונג: יעדע ראָד דרייט זיך מיטן כח פון דער פריערדיקער ראָד און די סאַמע ערשטע ראָד וואָס אין דער מיל דרייט זיך מיט די כוחות פון דער איינציקער גרויסער ראָד וואָס אינדרויסן האַרט ביים טייכל, וואָס ציט זיך אוים אין דער ברייט, ניט אין דער הייך ווי די אַלע רעדער אינעווייניק, עס האָט אַ שפּיז אינמיטן וואָס גרייכט אין די הימלען. דערצו איז עס אַ צווייאיקע ראָד מיט אַ סך טונקעלע באַהעלטענישן, איינגעטיילט אין פינצטערע שטיבעלעך צווישן דעם אייבערשטן און דעם אונטערשטן ראָד־פלאַך. ווער קען וויסן וואָסערע ברואים באַהאַלטן זיך דאָרטן? און אפשר ליגן גאָר אוצרות פון בית המקדש אין יעדן ראָד־חלל? אַז ס׳האָט זיך געדרייט און געדרייט אָטאָ די ראָד וואָס אינדרויסן מיטן אַרויסשטאַרצנדיקן שפּיז אינמיטן, איז ראַסע געווען זיכער אַז ניט אַנדערש ס׳איז דער להט החרב המתהפכת וואָס דער רבונו של עולם האָט אַוועקגעשטעלט ביי די טויערן פון גן־עדן. נאָר איין ראַסע האָט פאַרשטאַנען דעם סוד פונעם חרב המתהפכת: עס דרייט זיך מיטן כח פון די וואונדער־וואַסערן פון טייך סטראַטשע וואָס פליסן פון איין עק וועלט ביז צום אַנדערן. איי איז זי אַ מזלדיקע! רחמנות האָט זי געהאַט אויף אַלע קינדער אין דער וועלט וואָס לעבן ניט אין סטראַטשע.

ב

לאַנג האָט ניט געדויערט און בענדע־גד האָט דערשפּירט אַז די טאָכטער איז ניט צופרידן לעבן די גרויסשטאָטישע מלכהלעך אין סוויר. אַז ראַסע האָט געליטן האָט בענדע־גד געליטן. איז דער טאַטע געפאַלן אויף אַ נייער המצאה: זאָל ראַסע בלייבן אין סטראַטשע ווי איר געפעלט, ליאָלקע דער סטרונוויצער וועט אָפּפירן אַלע טאָג פון מיכאַלישעק ר׳ כתריאל־גבריאל תנא, ער וועט קומען לערנען מיט ראַסע׳ן אין דער היים, „פּריוואַט״. זי׳עט ניט דאַרפן מער אויסשטיין קיין בזיונות ביי די שטעטלשע גאַנצע קנאַקערינס. ר׳ כתריאל־גבריאל תנא — אַזוי ט׳מען אים אָנגערופן (ביי אייגענע ט׳ער געהייסן קאַשרע־גאַוורע, ביי לצים: תנא־קאַשע), איז געווען אַ הויכער אַלטער ייד מיט אַ געדיכטער ווייסער באָרד וואָס איז געפלויגן אינדערלופטן, צי ס׳איז געווען אַ ווינטל צי ניט געווען. זיין לומדות איז געווען אַ שם דבר אין גאַנצן געגנט. די ווייב זיינע האָט געהאַלטן אַ שניט־קראָם אויף ווילנער גאַס אין מיכאַלישעק, קאַשרע־גאַוורע האָט רק געלערנט.

אַז ס׳איז געקומען אין סטראַטשע קאַשרע־גאַוורע לערנען מיט ראַסע׳ן ביי איר אין דער היים, איז ווידער געווען גוט. אַ פּאָר שעה אַ טאָג פלעגט זי זיצן מיטן אַלטן מלומד וואָס איז אַלע טאָג געקומען צו פאָרן מיט ליאָלקע׳ן. ער האָט אַלעמאָל מיטגעבראַכט אַ קליינלעכן ברוינעם טשעמאָדאַן מיט גרינע פּאַסיקלעך און צוויי האַלב אָפּגעריבענע גאָלדענע אותיות: כ. ג. אין טשעמאָדאַן זיינען געלעגן די ספרים אויף צו לערנען מיט ראַסע׳ן, אַ ספר אויף אַריינצוקוקן אונטערוועגנס און זיינער אַ דיקער כתב־יד וואָס מ׳האָט גערעדט אַז דאָס איז דער ספר

חידושי כתריאל גבריאל אין הלכות שבת, וואָס וועט אַוועק צום דרוקער ערשט נאָכדעם ווי ער וועט זיך איבערפּעקלען צו הונדערט צוואַנציק יאָר אויף יענער וועלט.

אַלצדינג האָט ער ראַסע׳ן געגעבן צו פאַרשטיין, קאַשרע־גאַוורע, מיט אַ שמייכל און אַ שפּיצל. ראַסע האָט געוואָלט מער און מער לערנען. אַז קאַשרע־גאַוורע איז אַוועק איז ראַסע אַריין צום טאַטן אין דער מיל. זי איז געזעסן, יעדן טאָג מלא התפּעלות פאַר די פאַנטאַסטישע רעדער, אַלע טאָג געטראַכט ווי גוט איר איז, סאַראַ מזל זי האָט וואָס זי לעבט לעבן אַזאַ וואונדער. אין דער וואַסערמיל האָט ראַסע אָפּטמאָל דערזען אַזוינס וואָס זי האָט יענעם טאָג געהאַט געלערנט ביי קאַשרע־גאַוורע׳ן. איין טאָג איז די מיל געווען שלמה המלכם אַן המצאה, אַן אַנדערש מאָל איז עס געווען די פאַרבאָרגענע מאַשינעריע מיט וועלכער אליהו הנביא׳ס מרכבה איז אַרויף אין הימל.

אַחוץ חומש און נביאים ראשונים האָט קאַשרע־גאַוורע געלערנט מיט ראַסע׳ן נביאים אחרונים, תהלים, משנה, עין יעקב און קיצור שולחן ערוך. ראַסע האָט נאָר געוואָלט לערנען גמרא און קבלה, קאַשרע־גאַוורע האָט זיך אָפּגעזאָגט. גמרא איז ניט פאַר מיידלעך, און קבלה איז דאָך נאָר פאַר למדנים צדיקים איבער די פערציק. ער האָט איר אָבער דערציילט בעל־פּה געוויסע זאַכן וואָס קענען איר קיין שלעכטס ניט טאָן. בענדע־גד האָט אָנגעקוואָלן: דער סוף איז גוט! זיין דאָרפישע טאָכטער קען מער און בעסער ווי די שטעטלשע גאָרנישטן, די גרויסהאַלטערינס וואָס האָבן אָנגעטאָן זיין טעכטערל חרפּות.

אַז ראַסע׳ן איז געוואָרן זעכצן פרילינגס, האָט קאַשרע־גאַוורע איר געגעבן צו פאַרשטיין אַז מער קען ער מיט איר ניט לערנען. ס׳פּאַסט ניט. אַז זי וויל ווערן אַ וואויללערנערין דאַרף זי

זיך אויסזוכן אַ חתן אַ תלמיד חכם. אַז דער אַלטער וועט ווייטער קומען זיצן מיט איר אין סטראַטשע וועט זיין מראית עין. ראַסע האָט געוויינט. זי האָט געבעטן ביי קאַשרע־גאַווורע׳ן ער זאָל איר פאַרקויפן דעם טשעמאָדאַן מיט וועלכן ער איז געקומען מיט איר לערנען די אַלע יאָרן. ער האָט געזאָגט אַז דאָס קען ער ניט. אָנגעקומען אַהיים אין מיכאַלישעק האָט ער חרטה געהאַט. ער האָט אַלץ אויסגעליידיקט און דעם טשעמאָדאַן אַוועקגעלייגט אין וואָגן, ליאָלקע סטרונויצער זאָל עס איבערגעבן ראַסע׳ן אַ מתנה.

ג

דאָס לערנען האָט אויסגעפעלט. ראַסע האָט גענומען פאַרברענגען אַ גאַנצן טאָג, ניט קיין האַלבן טאָג, אין דער וואַסערמיל. אַוועק אַ פּאָר חדשים, איז דער טאַטע פּלוצלונג קראַנק געוואָרן, ס׳עט אים אָנגעכאַפּט אַ פּאָפּלעקסיע אין די פיס, ער האָט זיי ניט געקענט רירן פון אָרט. מער האָט ער אין דער מיל ניט געקענט אַרבעטן. קיין זין האָט ער ניט געהאַט. אים איז באַפאַלן אַ פחד, אַז פון וואַסערמיל וועלן די ווייב מיט דער טאָכטער ניט קענען לעבן. יעיסקע מילנער איז אים געקומען באַזוכן אַלע טאָג, ער האָט דעם שלאַפן בענדע־גד׳ן ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל פאַרזיכערט אַז די שכירות קומען אים בירושה פאַר די אַלע דורות וואָס די צוויי משפחות אַרבעטן צוזאַמען, ער זאָל נאָר געזונט זיין, ער זאָל נאָר ניט דאגהנען.

היות ווי אַחוץ די פיס איז אַלץ ביי בענדע־גד׳ן געווען ווי עס דאַרף צו זיין האָט מען געמיינט אַז ער וועט נאָך לאַנג

לעבן, אפשר אַפּילו געזונט ווערן. דער מיכאַלישקער פעלדשער הירשע־חנא, כאָנקע דער פעלדשער ט׳מען אים גערופן, פלעגט קומען איין מאָל אין דער וואָך מיט אַ וואָגן וואָס איז געווען אָנגעפּילט מיט פלעשלעך, פּיאַווקעס און מעדיצינישע כלים, ס׳האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפן.

איינעם אַ פרימאָרגן האָט כאַשקע דעם מאַן ניט געקענט וועקן, זי איז אַרייַנגעלאָפן אַ צעטומלטע אין דער מיל. יעיסקע האָט באַלד געשיקט ליאָלקע׳ן ער זאָל צופאָרן גאַלאָפּ אין מיכאַלישעק, אַראָפּברענגען כאָנקע דעם פעלדשער. איידער וואָס ווען איז שוין געווען כאָנקע מיטן גאַנצן קלאַפּערגעצייג. אַריין אין שטוב, האָט ער איין טאַפּ געטאָן דעם פּאַרגליווערטן בענדע־גד׳ן, אים צוגעשטעלט אַ פעדערל צו די נעזלעכער. ס׳האָט זיך ניט גערירט. כאָנקע האָט מערניט אַ זאָג געטאָן: ברוך דיין אמת.

ד

ראַסע׳ן האָט דעם טאַטנס טויט געטראָפן ווי אַ בליץ פון אַ קלאָרן הימל. זי האָט איר איינציקן אמתן פריינט אָנגעוואָרן. אין די טעג פון דער שבעה האָט קאַשרע־גאַוורע ווידער גענומען קומען אַלע טאָג אינדערוואָכן, און אַזוי אָ איז ער געקומען ביזן סוף פון די שלשים. ער האָט מיט ראַסע׳ן געלערנט איוב, קינות, מענה לשון און הלכות אבילות פונעם קיצור. איינגעקנעלט מיט איר אַז מ׳רייסט קריעה פון אויבן אַראָפּ, ניט אין דער ברייט. אַז ס׳שטאַרבט אַ טאַטע צי אַ מאַמע איז מען קורע אַלע בגדים. אַ מצווה ווייִנען נאָכן נפטר, אַז מ׳וויינט איז אַ סגולה די אייגענע

קינדערלעך זאָלן ניט שטאַרבן. בעת דער שבעה וואַשט מען זיך ניט מיט וואַרעם וואַסער, אַ חודש צייט שערט מען זיך ניט, דריי חדשים אַז ס׳גייט די רייד וועגן אַ טאַטן אָדער אַ מאַמען. עלף חדשים זאָגט מען קדיש און גאַנצע צוועלף חדשים טוט מען זיך ניט אָן קיין נייעם מלבוש. ראַסע האָט אַלצדינג געהיט נאָך מער ווי די מאַמע, נאָך מער איידער ווייבער וואָס האַלטן זיך פאַר גאַנצע צדיקתטעס. ראַסע האָט אַלע טאָג קדיש געזאָגט, געפאָדערט קאַשרע־גאַוורע זאָל איר מיט קלאָרע דיבורים געבן צו פאַרשטיין דעם פירוש המילות פונעם הארבן תרגום לשון.

אַוועק די שבעה, די שלשים, די עלף חדשים, דאָס יאָר. ראַסע׳ן איז געווען זיבעצן יאָר, מ׳האָט גענומעןריידן שידוכים פון סוויר, לינטיפּ, מיכאַלישעק, סווינציאַן. אין אַ דאָרף סוויטאַלישעק, עלטערע יידן האָבן עס נאָך גערופן „סוויטאַרילישעק", וואָס צווישן קלושאַן און ווידוטין, איז אויך געווען מערניט איין יידישע משפחה. ביי זיי איז געווען אַ בן יחיד וואָס איז אַלט געווען נײַנצן יאָר, אים איז די מאַמע ניט לאַנג געשטאָרבן, עפּעס גלאַט אַ שידוך מן השמים. מ׳איז געקומען ריידן מיט כאַשקע׳ן און ראַסע׳ן נאָר ס׳איז געווען אַרויסגעוואָרפן די רייד. ראַסע האָט דעם יונגנמאַן ניט געוואָלט אָנקוקן. „אַ שידוך מן המים" האָט זי עס אָנגערופן:

— נו, ווי קומט סוויטאַלישעק צו סטראַטשע?

ראַסע האָט גענומען אַרבעטן אין דער מיל. דער באַלעבאָס, יעיסקע מילנער, האָט דאָס ניט געפאָדערט. ער האָט דעם פאַרשטאָרבענעם בענדע־גד׳ס שכירות ווייטער געצאָלט דער אלמנה אָן אַ האָר אונטערשייד. אַז ראַסע וויל אָבער אַרבעטן אין דער מיל, וואָס זאָל ער איר גיין פאַרווערן? זי האָט געאַרבעט ביי די חשבונות, ביים אויפראַמען, און

וואָסאַמאָל מער ביים פירן בריוו, געלט, חשבונות און גלאַט ידיעות, אין די שטעטלעך און דערפער אַרום און אַרום. אַז איינע פון די גרויסע שרויפן אין דער מיל איז לויז געוואָרן פלעגט יעיסקע תמיד אַ זאָג טאָן:

— אַ שרויף און אַ צעבראָכן האַרץ קען מען ניט פאַרריכטן.

אַ סימן איז דאָס געווען אַז ראָסע זאָל צופאָרן מיט ליאָלקע'ן אין סווינציאַן און איינהאַנדלען אַ שרויף פונקט די זעלבע גרייס ביי פייוול דעם מולער. ווען זי איז אַריין צו פייוול דעם מולער האָט זי זיך אַלעמאָל אומגעקערט מיט דעם וואָס מ'דאַרף. דער באַלעבאָס האָט זיך אויף איר געקענט פאַרלאָזן. ליאָלקע האָט נאָר געטויגט אויף פערד און וואָגן, דאָס איז דאָך זיין זאַך. פון חתונה האָבן האָט זי ניט געוואָלט וויסן. לעבנדיק מיט דער מאַמען אין טאַטנס הויז, אַרבעטנדיק אין דער מיל, איז זי געווען נענטער צום טאַטן. אַ טרייסט זיינען געווען די אייזערנע רעדער מיט די אומצאָליקע קליינע קלעצעלעך וואָס שטאַרצן אַרוים פון אייזן אינעווייניק אין יעדער ראָד. זיי זיינען ביי איר געווען פונקט אַזאַ וואונדער ווי דאַמאָלסט ווען זי איז געווען אַ פיצינק מיידעלע, אפשר נאָכמער. זי פלעגט קלערן ווי אַזוי אויף די אָ רעדער האָט אַ לעבן לאַנג געקוקט דער טאַטע, זיין טאַטע און זיין טאַטע. אַזוי איז עס פון פאַרצייטנס. ווער וועט אַזאַ ירושה גיין וואַרפן? בלויז אַ נאַר. צו וואָס דאַרף זי לעבן מיט אַ יונגן שנעק ערגעץ אין אַ שטעטל, ווען זי קען ווייטערפירן דעם טאַטנס אַרבעט אין דער וואונדער־מיל וואָס הייסט סטראַטשע?

ה

ראַסע איז אַלע טאָג געפאָרן אין סוויר אויפן טאַטנס קבר. די מאַמע האָט געהאַלטן מיטן באַלעבאָס אַז אַ מיידל טאָר ניט אייביק קומען אַלע טאָג אויפן טאַטנס קבר. אַז ראַסע פלעגט אַמאָל אַריינפאַלן צום געוועזענעם מלמד אירן, קאַשרע־גאַוורע, אין מיכאַלישעק, פלעגט ער אָנוואָרענען די אַמאָליקע תלמידה:

— פאַר גאָט און פאַרן טאַטן דאַרפסטו אָפּלאָזן דעם בית־עולם און חתונה האָבן. חתונה האָבן, מיין קינד! איין זאַך מערניט וויל איך דערלעבן, דיר מסדר קידושין זיין.

ראַסע׳ן זיינען די אַלע רייד אַריין אין איין אויער און אַרויס פון אַנדערן. פאַרקערט, זי האָט זיך שוין ניט באַנוגנט מיטן קומען אויפן טאַטנס קבר. זי האָט ביסלעכווייז גענומען באַטראַכטן די אַנדערע מצבות אויפן סווירער בית־עולם, וואָס אויפן בערגל וואָס שטאַרצט אַרויס אין דער סאַמע פראַכטפולער סווירער אָזערע. זי האָט גענומען אויסנוצן די רייזעס מיט ליאָלקע דעם סטרונויצער אויף צו באַזוכן אַנדערע יידישע בית־עולמס. מער ווי אומעטום איז זי געקומען אין מיכאַלישעק. איר איז געפעלן וואָס אויף אַריינפאָרן אין מיכאַלישעק דאַרף מען מיטן פערד־און־וואָגן אַרויף אויפן פאַראָם. איר איז געווען געפעלן אָנקוקן ווי יורקע קאַפּיטאַן פאַלט אָן אַ פּחד אַז ליאָלקע׳ס פערד הייבט די פאָדערשטע פיס און פּרובירט זיך שטעלן דיבאָם, דווקא פונקט אינמיטן דער ווילִיע. ווען דער פערד איז ניט איינגעשפאַנט וואָלט געווען פריילעך. אין מיכאַלישעק פלעגט זי זיך אַריינכאַפּן צו אַוורעמקע זייגערמאַכער, פירן מיט אים וויכוח אַז זייגערס זיינען מערניט קליינינקע וואַסערמילן, וואו איין רעדל דרייט זיך מיטן כח פון

צווייטן. זי איז אָבער אויך געקומען אָפּט אין לינטיפּ און אויך אויפֿן גרויסן אַלטן בית־עולם אין סווינציאַן. אַז ס'האָט זיך געמאַכט אַ סיבה צופֿאָרן שוין נאָך צען וויאָרסט ביז אין סווינציאַנקע, איז זי דאָרטן אויך אַוועק אויפֿן בית־עולם. וואו נאָר די מיל האָט געשיקט איז מען געפֿאָרן. און וואו נאָר מ'איז געפֿאָרן איז ראַסע אַוועק אויפֿן בית־עולם. ליאָלקע האָט קיין קשיות ניט געפֿרעגט. ער איז דאָך מערניט דער פורמאַן. ער פֿלעגט זיצן אין וואָגן און שמעקן טאַבאַק, רייכערן ליולקע־ציבוק, און איינמאָל האָט ראַסע אים געפּאַקט ווי ער מאַכט לחיים מיטן פֿערד.

נייע מצבות זיינען איר ניט אָנגעגאַנגען. אַלטע האָבן איר אָנגעטאָן אַ כּישוף. די אַלטע שטיינער האָבן איר דערמאָנט אין די אוראַלטע שטיינער פֿון דער וואַסערמיל, נאָר וואָדען, מיט שייניקע אותיות, אַלטינקע אָפּגעריבינקע, מיט מאָך באַ־וואַקסענע.

לכתחילה איז איר ניט אָנגעקומען גרינג דער נוסח פֿון די מצבות. וואָס איז אַזוינס „פּ נ"? „ינב"? „תנצבה"? מער ווי אַלץ האָט איר פֿאַרכאַפּט וואָס אויף יעדער מצבה איז געווען אַן אות וואָס איז גאָרניט פֿון אלף־בית, דער אות ק, עפּעס אַ למד פֿון אויבן, אַ קוף פֿון אונטן, אַ פּא אינמיטן. וואָס קען באַדייטן אַזאַ וואונדערלעכער אות?

אין מיכאַלישעק איז זי אַריין צו קאַשרע־גאַוורע'ן, געבעטן ער זאָל מיט איר גיין אויפֿן בית־עולם, איר העלפֿן מיט די ראשי תיבות און מיט דער האַרבער עברי. ער האָט זיך געקווענקלט, געזאָגט „וועל", „עט" און „נו". ער איז אָבער געגאַנגען. ער האָט ראַסע'ן געגעבן צו פֿאַרשטיין אַז דער ק איז טאַקע דריי אותיות אינאיינעם, ס'הייסט לפ"ק — לפרט קטן — און ס'קומט תמיד

נאָכן יאָר אָנצואוּווייזן אַז ס׳פעלט דער הא, די טויזנטער. די אַלע ראשי תיבות האָט ער איר אויפגעקלערט. איר איז ניט אַלעמאָל אָנגעגאַנגען וואָס מיינט געניי אַזאַ און אַזאַ ראשי תיבות, ווי אַמאָל. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַז „פּ נ״ מאַכט „פּה נקבר״, דאָס איז טייטש „דאָ ליגט באַגראָבן״. ביי „ינב״ זיינען די ווערטער „יצאה נשמתו בטהרה״ איר ניט געווען אינטערעסאַנט, ביי איר איז געבליבן מערניט דער פּשט אַז „יאָנאַוו״ איז טייטש „געשטאָרבן״.

ראַסע האָט גענומען קלערן אַז אַ מצבה איז געגליכן צו אַ נשמה. כמעט אַלע מצבות זיינען געשטעלט געוואָרן פון די קינדער פונעם נפטר, ס׳איז געשטאַנען „אמנו היקרה״, „אמי היקרה״, „אבינו היקר״, „אבי היקר״. ראַסע האָט גענומען טראַכטן וועגן די יסורים וואָס די קינדער האָבן דאַמאָלסט געליטן, ווען זיי האָבן אָטאָ די מצבות געשטעלט.

ראַסע׳ן האָט וויי געטאָן וואָס די עלטערע מצבות ליגן פאַרוואָרלאָזטע, כאלו מ׳האָט אין די נשמות פאַרגעסן. מ׳איז גרייט זיי לאָזן וואַלגערן אין שאול תחתיה. ס׳האָט זיך איר געדאַכט אַז דער טאַטע שטייט לעבן איר און רעדט מיט איר:

— ראַסינקע, לאָמיר זיך אָננעמען פאַר די פאַרגעסענע מצבות, לאָמיר זיך אָפּגעבן מיט זיי. מיט זיי! זאָלן די נאַרישע מיידעלעך וואָס האָבן דיר אָפּגעלאַכט דאַמאָלסט ביי ר׳ זוסמאַן מלמד, זאָלן זיי פאַרגיין אין טראָגן און האָבן, מיר האָבן אַ גרויסע אייביקע אַרבעט, מיר וועלן ווערן פריינט מיט די מתים. מיט די מתים!

— יע, טאַטע, איך וועל אַכטונג געבן אויף יעדער אַלטער מצבה אין יעדן בית־עולם אַרום און אַרום. דו פאַרלאָז זיך אויף מיר!

ו

ראַסע האָט גענומען אַריינגריבלען זיך אין זאַכן וואָס אַפילו קאַשרע־גאַוורע האָט איר רעכט ניט געקענט געבן צו פאַרשטיין. פאַרוואָס זשע שטייט אויף איין מצבה „ת נ צ ב ה" און אויף אַ צווייטער ת̇ נ̇ צ̇ ב̇ ה̇? אויף אַ דריטער שטייט געשריבן ת̍ נ̍ צ̍ ב̍ ה̍ און אויף אַ פערטער ת́ נ́ צ́ ב́ ה́? אַמאָל געפינט מען אויך ת̆ נ̆ צ̆ ב̆ ה̆, און איינמאָל אין אַ יובל ת̀ נ̀ צ̍ ב́ ה́. און נאָכאַמאָל דער וואונדערלעכער אויסטערלישער אות: ל̣. אַמאָל הייבט זיך עס אָן מיט אַ פּא וואָס ווערט געצויגן אין דער הייך אויף למד און אַראָפּ אויף קוף. פאַרקערט אַמאָל הייבט זיך עס אָן מיט קוף וואָס שפּרייט זיך אויס אויף פּא און אַרויף אויף למד. און אַמאָל ווידער איז עס אַ למד וואָס האָט זיך צוגעוואַקסן אַ קוף־פּיסל פון אונטן און אַ פּא ביי דער זייט. וואָס איז דער באַדייט? פאַרוואָס? און ווי קען עס זיין אַז דעם דרייאיקן אות נוצט מען נאָר אויף איינצושפּאָרן אָרט? מ׳געפינט דאָך עס אויך אויף יענע גבירישע מצבות אויף וועלכע ס׳שטייען לאַנגע מגילות, דאָרטן האָט מען ניט געזשאַלעוועט קיין אָרט.

אויף דעם אַלעמען האָט קאַשרע־גאַוורע געענטפערט מיט אַ האַלבן מויל אַז דאָס איז אַן ענין פון סגנון פונעם מצבה־קריצער, קיין באַזונדערן באַדייט האָט עס ניט. פאַרוואָס מיט אַ האַלבן מויל ווייל ער איז אַליין געווען אַ מקובל, ווייל ער אַליין האָט געוואוסט אַז מצבות זיינען הייליק, אַז ווער וויים וואָס פאַראַ רזין דרזין עס ליגן פאַרבאָרגן אין אַ קוצו של יוד וואָס אויף אַ מצבה, בפרט נאָך אַמאָליקע מצבות, וואָס זיינען געשטעלט געוואָרן למהדרין.

ווען ראַסע איז אַריינגעפאַלן צו קאַשרע־גאַוורע׳ן אין מיכאַלישעק, אפשר צוויי מאָל אין חודש, האָט זי זיך איינגעשפּאַרט וואָסאַמאָל מער ער זאָל מיט איר לערנען קבלה, כאָטש וועגן דעם ענין מתים און טויט. קאַשרע־גאַוורע האָט ניט געוואָלט וויסן דערפון. צווישן זיי איז אַ שוואַרצע קאַץ דורכגעלאָפן. ער האָט איר געגעבן צו וויסן אַז מער זאָל זי צו אים ניט אַריין. ס׳האָט אים אַפילו גענומען פאַרדריסן וואָס זיין אַלט טשעמאָדאַנעכל, דעם יידנס אַ מתנה צו דער בר מצווה, האָט ער אַוועקגעגעבן דער מאָדנער־משונהדיקער מיידל וואָס וויל ניט חתונה האָבן, וואָס פאָרעט זיך נאָר מיט מצבות, בית־עולמס, מתים.

ז

די יאָרן האָבן גענומען לויפן. ראַסע איז עקספּערט געוואָרן איבער אַלע אַרומיקע מצבות. אַלע האָבן איר שוין אָנגערופן „ראַסע מצבה״, אָדער גלאַט „די מצבה״.

— די מצבה איז דאָ נעכטן געווען אויפן בית־עולם?

— געווע־ע־ען!

— געווען?

— וואָדע־ע־ען?

אונטערוועגנס אין וואָגן, פאָרנדיק מיט ליאָלקע סטרונויצער, האָט ניט זעלטן פּאַסירט אַז ס׳איז פאַרבייגעפאָרן דער סווינציאַנער בעל־עגלה, מעישקע־זשוליק, וואָס האָט פאַר איידלקייט קיין שם ניט געהאַט. פאַרקערט ער האָט יעדן געוואוסט ווי אַזוי צו טרעפן אין האַרצן אַריין. אַז ער האָט

דערזען ליאָלקע׳ן מיט ראַסע׳ן, האָט ער גענומען זינגען אויף אַ הויכן קול מיט אַ כלומרשט חזנישן ניגון:

אַ שנאַפּס וועלן מיר מאַכן ביי דער אַלטער מצבה
און קדיש וועט זאָגן אַ יונגע נקבה.

טאָמער איז ער ראַסע׳ן יענעם טאָג פאַרבייגעפאָרן אַ צווייטן מאָל האָט ער דערלאַנגט אַ נייע פּאָרציע. ער פלעגט אין סאַמע טרייבן זיך הייבן אויף איין פוס און מאַכן אויף ביידע זייטן מיט די לייצעס ווי ער וואָלט געפירט אַן אָרקעסטער און זינגען, דאָסמאָל מיט אַ טריאַטער־מאָטיוו און אַרטיסט־מעסיקע העוויות:

איי די מיידעלעך זיי ווערן דאָך עלטער און קאַלטער
ס׳העלפט זיי שוין ניט קיין נדן
איי וואָזשע הערט זיך שלמה־איצע
עפּעס נײַס אין סווינציאַן.

ראַסע׳ן איז דאָס אַלץ געלעגן אין דער לינקער פּיאַטע. זי האָט זיך דערמאָנט אַז קאַשרע־גאַוורע האָט מיט איר אַמאָל געלערנט „הכל לפי המבייש והמתבייש״. אַז מעיִשקע־זשוליק זאָגט אַריין איז דאָך גוט!

ראַסע האָט געהאַט אַ מיינונג איבער דעם מענטשן לויט דער מצבה. איר זיינען געפעלן געווען אַמערסטנס די קליינע פשוטע מצבות, „ריקלה בת ר׳ אהרן ז״ל וינב ו טבת...״ צי „אמנו היקרה והצנועה חייה פייגה בת ר׳ תנחום ז״ל ינב כו אלול...״. דאָרטן וואו די מצבה האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער „על אלה אני בוכיה״ (אויף די אָ וויין איך) האָט ראַסע גענומען וויינען, טראַכטנדיק וועגן דעם וואָס די קינדער האָבן געליטן ווען ס׳איז געשטאָרבן אַ טאַטע צי אַ מאַמע.

און דאָרטן וואו ס׳שטייט אַז עמעצער איז יונג געשטאָרבן האָט זי פאַרגאָסן ביטערע טרערן: אויף דער מצבה „אחינו היקר הבחור שבק חייו בימי נעוריו בן ט״ז שנה״, אָדער דאָרטן וואו עס שטייט: „רכה וענוגה בת עשרים שנה שמונה חדשים פרומה גיטל בת ר׳ אברהם אהרן ינב כב אב״. ראַסע האָט געהאַלטן אַז די נאָענטסטע חברטע אירע איז געווען די פּלוצלונג־געשטאָרבענע פריידע־זעלדע שמולקע׳ס. געקענט האָט זי איר פון דער מצבה: „רכה וענוגה בת עשרים ושתים שנה איך פתאום ינב פריידע זעלדע בת שמואל יא אלול״. ראַסע האָט זיך אומגעקערט צו די אַלע אַרומיקע מצבות און אַ פרעג געטאָן אויף אַ הויכן קול:

— נו, איך פרעג אייך! דאָס מאַכט פריידע־זעלדע שמולקע׳ס צי ניט?!

צום יאָרצייט פלעגט ראַסע קומען אויפן קבר, לייענען פאַר פריידע־זעלדע׳ן מעשיות פון אַ מעשה־ביכל, פירן מיט איר לאַנגע שמועסן.

אומעטום, לעבן יעדער מצבה איז ראַסע געווען זיכער אַז לעבן איר שטייט דער טאַטע. ניין, דער טויט קען זיי ניט צעשיידן. זיי ביידע גיבן אַכטונג אויף די פאַרגעסענע נשמות וואָס אויף די בית־עלמינס.

אַז זי האָט אין סוויר, אין מיכאַלישעק, אין לינטופּ און אין סווינציאַן געקוקט אויף מיידלעך אין אירע יאָרן האָט זי אויף זיי אַלעמען רחמנות געהאַט. נאָר זיי פּלאַפּלען וועגן די קליינע זאַכן. היינט זיינען זיי ווי דוד און יונתן, מאָרגן זיינען זיי צעקריגט. אַ שאָד, אַ שאָד, זיי האָבן ניט אויסגעפונען וואָס עס הייסט פריינטשאַפט.

ראַסע האָט גענומען טראָגן ביי זיך קאַשרע־גאַוורע׳ס

טשעמאָדאַנעכל אומעטום, ביי איר איז דאָס געוואָרן ווי אַ פּאָר תּפֿילין. די צוויי גאָלדענע אותיעלעך האָבן איר אַלעמאָל אַ וואונק געטאָן פֿון אַ ווייטן פֿריילעכן אַמאָל. אין טשעמאָדאַנעכל האָט זי געהאַלטן בערשטלעך, טיכלעך און פֿלעשלעך וואַסער מיט זייף אויף אָפּצורייניקן פֿאַרוואָרלאָזטע מצבֿות, אַ קליין בעזעמל אויסצוקערן דעם באָדן אַרום איטלעכער מצבֿה, און — בלומען.

ח

די מאַמע, כאַשקע בענדע־גד'ס, אַזוי'עט מען איר גערופֿן, האָט זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט דער טאָכטערס טועכצער אויף די בית־עולמס, זי האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַ סימן אַז די טאָכטער הערט ניט אויף טרויערן נאָך בענדע־גד'ן. ערגעץ וואו, און אפֿשר מער ווי ערגעץ וואו, איז איר געווען גוט וואָס זי האָט לעבן זיך די טאָכטער, עלעהיי זיי וואָלטן געווען צוויי אלמנות. וואָס וועט פֿון איר ווערן אַז די טאָכטער וועט חתונה האָבן און אַוועק ערגעץ אין אַ שטעטל? אַז די טאָכטער וויל ניט חתונה האָבן טאָר מען ניט צווינגען. אַזוי האָט איר געזאָגט דער סווירער רב בנימין־מלך: אַ מאַנסביל מוז חתונה האָבן, אַ מיידל לאו דווקא.

אַליין איז כאַשקע אַ גאַנץ לעבן געווען פֿאַרליבט אין בלומען. ביי זיך אין גאָרטן האָט זי געהאָדעוועט אַלערלייאיקע בלומען. זי האָט געקענט יעדן בלום פֿון די אַרומיקע פֿעלדער, די וועלדער, ביי די זייטן פֿון סטעזשקעס און וועגן, ביים ברעג טייך. די בלומען האָבן געבראַכט אַ נייע נאָענטקייט צווישן דער

מאַמע מיט איר טאָכטער. דער מאַמעס פּאָרען זיך מיט זיי איז שוין ניט געווען גלאַט אַ משוגעת, איצט וועלן די בלומען משמח זיין מתים. ראַסע האָט זיך געפרייט וואָס די מאַמע איז סוף כל סוף געוואָרן אַ שותף צו דער אַרבעט. ראַסע'ס אַרבעט איז געווען צוצופּאַסן די בלומען מיט די מצבות. סתם טראָגן בלומען אויף מצבות איז דאָך קיין גאַנג ניט. דאָס קען יעדער פּתי. דער קונץ איז משמח זיין דעם מת מיט בלימעלעך וואָס וועלן אויסנעמען.

יונג געשטאָרבענע מיידלעך פלעגט ראַסע ברענגען חנהלע'ס אייגעלעך. אַז מ'עט זיי אַ גלעט געטאָן איז געווען עלעהיי מ'גלעט סאַמעט. ראַסע האָט זיי נאָר צוגעטראָגן אויף אַזעטקענע מצבות וואו עס שטייט בפירוש ווי אַלט איז געווען די מיידל אַז זי איז געשטאָרבן. ברוינע חנהלע'ס אייגעלעך פאַר פּיצינקע מיידעלעך. געלע פאַר קינדער און בלויע פאַר מיידלעך וואָס זיי איז געווען מער ווי צוועלף יאָר. אַזוי האָט ראַסע געפּסקנט. ביי דער מאַמען האָט זיך ראַסע דערוואוסט אַז סוף פרילינג דאַרף מען זיי איבערזעצן, אַניט ווערן זיי אַלט און ניט אינטערעסאַנט. בעת מ'עט זיך געפּאָרעט מיט די בלומען אין גאָרטן אין סטראַטשע האָט שוין ראַסע געוואוסט צו וועלכן קבר זיי וועלן טויגן. זי האָט געוואוסט אַז מ'דאַרף האָבן אין האַרצן די כוונה שוין פון דאַמאָלסט ווען מ'פאַרזייט.

יונג געשטאָרבענע בחורים האָט ראַסע געבראַכט הימל־בלויע פאַרגעס־מיר־ניט בלימלעך וואָס זי האָט געהאָדעוועט האַרט ביים ברעג פון טייך סטראַטשע. די מאַמע האָט איר אָנגעזאָגט אַז נאָר אויף פייכטע באָדנס קענען זיי אויפבליען. די מאַמע האָט איר אויך דערציילט אַז אין די גרעסערע שטעטלעך פירט זיך אַז אַן אויסגעטריקנטן פאַרגעס־מיר־ניט שיקט אַ בחור

זיין מיידל. באַלד נאָך פּסח דאַרף מען זיי אַוועקטראָגן צו די מצבות. אין רעכטן זומער בליען זיי שוין ניט.

מאַי גלעקעלעך זיינען ביי דער מאַמען ניט געווען, נאָר די מאַמע האָט געוואוסט אַז זיי טויגן צו רפואות. ראַסע איז קיין פוילע ניט געווען. אַז ס'איז איר אויסגעקומען זיין אין מיכאַלישעק איז זי באַלד אַריין צו כאָנקע דעם פעלדשער, געבעטן מאַי גלעקעלעך. ער האָט געוואוסט דערפון נאָר ער האָט זיי ניט געהאַט און ניט געהאָדעוועט.

— באַבסקע רפואות! — האָט ער דערויף געגעבן אַ פּסק.

אין קאַבינעט האָט ער געהאַלטן מערניט אין אונטערזוכן פּיאַווקעס, געוויזן ראַסע'ן וואָס ער טוט און ווי ער קלייבט אויסעט. טאָמער האָט ניט אַ פּיאַווקע קיין דריי קלאָרע ציינדלעך מיט צען פּאָר אויגן דאַרף מען עס צוריקטראָגן צו דער ווילייע, אָבער גלייך, מ'זאָל עס ניט אויסמישן מיט די גוטע פּיאַווקעס. אָן די דריי ציינער קען עס ניט אויסבייסן די קרענק, אָן די צען פּאָר אויגן זעט עס ניט וואָס איז געזונט אין קערפּער און וואָס מ'דאַרף אַרויסציען, עס וויים ניט דעם חילוק פון גוט ביז שלעכט. ראַסע האָט זיך געביסן די אונטערשטע ליפּ זי זאָל אים ניט אויסלאַכן אין פּנים. זי האָט וואויל געוואוסט אַז אַלע קינדער אין געגנט רופן אים אָן: „די פּיאַווקע". זי האָט איינגעזען אַז מיט דעם יידן קען מען נאָר ריידן פון פּיאַווקעס, ניט פון בלומען. ער האָט איר אָנגעזאָגט אַז מאַי גלעקעלעך קען מען קויפן נאָר אין סווינציאַן אין טאַראַשייסקי'ס אַפּטייק פון הייל־גראָזן. האָט זי זיי דאָרטן איינגעהאַנדלט. די ווייסינקע מאַי גלעקעלעך האָט ראַסע צוגעטראָגן יענע מתים וואָס זי האַלט אַז זיי דאַרפן אַ רפואה.

מאַרגאַריטקעלעך, טונקל רויטע, ווייסע, געלע און ראָזעווע, האָט ראַסע געבראַכט טאַטעס. מאַמעס האָט זי

צוגעטראָגן לייבנמיילער, געל־בלויע, בלויע, געלע, און ראָזעווע. וואו נאָר אַ מצבה האָט איר אָפּגעטאָן אַ כישוף — זי האָט אַליין ניט געוואוסט פֿאַרוואָס נאָר בדרך כלל זיינען דאָס געווען גאָר אַלטע מצבות וואָס הינקען אויף איין פֿוס, אַ סכנה זיי זאָלן איינפֿאַלן — האָט זי איינמאָל אַ יאָר צוגעטראָגן די בלומען פֿון קוסט „מאַי", ווייסע אָדער העל־וויאָלעטענע, וואָס וואַקסן אויפֿן שטענגל פֿון קוסט. דאָ האָט איר די מאַמע געוויזן אַז דער מאַי האָט פֿיר קרוינבלעטלעך, נאָר איינמאָל אין טויזנט טרעפֿט מען פֿינף קרוינבלעטלעך. דאַמאָלסט הייסט דאָס: מזל. און אַז זי האָט איבערגעציילט פֿינף קרוינבלעטלעך האָט זי געוואוסט אַז דאָס איז שוין נאָר פֿאַרן טאַטנס קבר.

ט

ראַסע מצבה האָט מען שוין געקענט אַרום און אַרום, ניט נאָר אין סוויר, אין לינטופּ, אין מיכאַלישעק, אין סווינציאַן און סווינציאַנקע, נאָר אויך אין סמאַרגאָן, אין איגנאַלינע און אין פֿאָדבראָדזש. מיטן לעבן איז זי געווען צופֿרידן. גוט געלעבט מיט דער מאַמען, מיט אַלעמען. זי האָט אַכטונג געגעבן אויף אַזויפֿל מצבות אַז ס׳איז זיי ניט געווען איבערצוציילן.

איין זאַך האָט איר געפֿעלט: געוואָר ווערן וואָס ס׳שטייט אין דער קבלה וועגן מתים. מיטן אַמאָליקן מלמד, קאַשרע־גאַוורע, איז זי געווען מערניט גוט־מאָרגן גוט־יאָר. ער איז שוין געווען זייער אַלט און ראַסע איז געווען זיכער אַז טאָמער וועט מיט אים עפּעס טרעפֿן וועט ער דאַמאָלסט וויסן אָפּצושאַצן וואָס זי טוט. אַז זי האָט געפֿרעגט ביי יידן וואָס קענען אַריינקוקן

אין אַ ספר האָט מען איר אָפּגעפּטרט איינס און צוויי. ס׳איז ניט פאַר אַ מיידל די ענינים. זאָל זי בעסער חתונה האָבן מיט אַ תלמיד חכם וועט זי ביי אים פרעגן וואָס זי וויל. גראַדע איצטער איז זי אַ מיידל אין די יאָרן, קען זי איינהאַנדלען אַ ריכטיקן קענער, אַן אלמן צי אַ גרוש.

אין איינעם אַ ווינטער טאָג, אַ פאַרשבת איז עס געווען, מ׳האָט פרי געשלאָסן די מיל סיי צוליב שבת סיי צוליב אַ ביטערן האָגל, האָט ראַסע גענומען פרעגן אַן עצה ביים באַלעבאָס. ער איז דאַמאָלסט שוין געווען אַ ייד אַ ריכטיקער זקן, אַ בא בימים.

— יעיסקע, איך האָב צו אייך אַזאַ מין פראַגע. פאַרוואָס וויל מיר קיינער ניט אויסזאָגן וואָס ס׳שטייט געשריבן אין דער קבלה וועגן מתים?

— ביי מיר האָסטו געפּועלט, ראַסע, נאָר וואָס זאָל איך טאָן אַז איך בין אַ מילנער, ניט קיין מקובל?

— איר קענט פון מיינעטוועגן ריידן מיט עמעצן וואָס וועט מיט מיר עפּעס לערנען, איר׳ט זיי זאָגן אַז איך גיי ניט טאָן קיין שלעכטס.

— כ׳ל עס האָבן אין זינען. פּתח שין שאַ! מיינער אַן אייניקל וואוינט אין סווינציאַן, עלע-לייזער חייט רופט מען אים, אַ יונגער בחור, מ׳רעדט אַז ער איז אַן עילוי, לייענט תרגום לשון ווי אַ וואַסער. האָב איך אָט אַזאַ מין פּלאַן. הער. איך וועל אין סוויר באַשטעלן ביי ירוחם שרייבער אַ בריוו, איך וועל דיר געבן דעם בריוו, וועסט עס צוטראָגן דעם אייניקל אַז דו׳עסט פאָרן אין סווינציאַן. וועסט אַ קלאַפּ טאָן ביי זיי אין טיר, 27 פּאַשמענער גאַס וואוינען זיי, פּונקט אַנטקעגן דער „גאַסטיניצע איטאַליאַ״.

— כ׳ל שוין טרעפֿן! אַ יישר כח, איי האָט איר אַ גוטע נשמה. אָהאָ!

— נו, וואָס טוט מען ניט פֿאַר בענדע־גד׳ם אַ טאָכטער?

— וואַרט צו אַ רגע, ער׳ט דאָך מיר אויכעט זאָגן די זעלביקע תורה אַז דאָס טאָר מען ניט לערנען מיט אַ מיידל, אַז —

— אפשר, ניין, דאָרטן אין סווינציאַן זיינען זיי אַלע האַלבע משכילים.

— וואָס איז דאָס „משכילים"? עפּעס אַמאָל געהערט אַזאַ מין וואָרט.

— נו, עט, דאָס זיינען יידן וואָס שרעקן זיך ניט איבער פֿון אַלצדינג.

— אַ גוט שבת, יעיסקע!

— אַ גוט שבת דיר ראַסע, זאָלסט זאָגן דער מאַמען פֿון מיינעטוועגן אַ גוט שבת.

י

אַוועק אַ פּאָר טעג איז יעיסקע מילנער אַליין געוואָרן ניינעריק. ער האָט געזוכט אַ שטיקל תירוץ ער זאָל שיקן ליאָלקע׳ן מיט ראַסע׳ן אין סווינציאַן. דער בריוו איז געלעגן גרייט אין קעשענע. אַז קיינער האָט ניט באַמערקט האָט ער אַרויסגענומען אַ געזונטע שרויף און עם צעבויגן מיט אַ העמערל און אַוועקגעגעבן ראַסע׳ן. זיי האָבן אַ שמייכל געטאָן איינער צום אַנדערן.

אָנגעקומען אין סווינציאַן האָט ראַסע אָנגעזאָגט ליאָלקע׳ן

ער זאָל אַוועק אָפּרוען זיך, טאָן זייניקע אַ פּאָר שעה. זי האָט איינגעהאַנדלט אַ שרויף ביי פּיוויל דעם מולער און איז באַלד אַוועק אויף 27 פּאָשמענער גאַס אָנקלאַפּן אין טיר. געעפנט האָט די מאַמע, באַדאַנע האָט זי געהייסן, אַ מיכאַלישקער טאָכטער וואָס האָט חתונה געהאַט פּאַר יעיסקע׳ם אַ זון, זי איז געווען טראָגעדיק. ראַסע האָט געגעבן צו פאַרשטיין אַז זי האָט אַ בריוו פאַר עלע־לייזערן פון זיידן. די מאַמע האָט אים באַלד צוגערופן און אַליין איז זי אַוועק אין קיך. עלע־לייזער איז צוגעקומען. ער איז געווען אַ סך יינגער פאַר ראַסע׳ן, אַ זעלטן שיינער בחור מיט אַ ניי־מאָדישער פריזור. ראַסע מצבה האָבן אַלע געוואוסט ווער זי איז. ער האָט איר געבעטן זעצן זיך, האָט אויפגעעפנט דעם קאָנווערט און דעם זיידנס בריוו איבערגעלייענט. לעבן אים האָבן זיך געשפּילט די צוויי יינגערע ברידער, בערקע און מענטקע, מיט אַ שוועסטערל וואָס זיי האָבן אָנגערופן „די בראַנד”. אַלע דריי קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט אַ צעבראָכענער מאַנדאָלינע.

די קינדער האָבן ווייטער געשפּילט. עלע־לייזער מיט ראַסע זיינען געזעסן שטומע. ראַסע האָט זיך געפּאָרעט מיט דער נייער שרויף און אַריינגעקוקט אין פענצטער אויפן שיינעם סאָד איבערן וועג וואָס לעבן דער „גאַסטיניצע איטאַליאַ”. זי האָט געוואָלט קוקן אויף עלע־לייזערן און ער האָט געוואָלט קוקן אויף איר, אָבער ביידע האָבן אויסגעמיטן דעם אַנדערנס אויגן. דאָ איז אָבער געגאַנגען די רייד עפּעס אַ בריוו. עלע־לייזער האָט נאָכן איבערלייענען צוריק אַריינגעטאָן דעם בריוו אין קאָנווערט. ער האָט גלייך דערקענט דעם נוסח פון סווירער שרייבער ירוחם סופר.

— קומט! — האָט עלע־לייזער אַ זאָג געטאָן ראַסע׳ן.

— מאַמע, איך גיי אין דער אַלטער שול עפּעס נאָכקוקן אין די ספרים. איך קום באַלד — האָט ער דער מאַמען געזאָגט אויף אַ קול ז׳ זאָל הערן אין צווייטן צימער.

— גוט, גיי געזונט און קום געזונט! — האָט די מאַמע געענטפערט פון אַנדערן צימער.

די אַלטע שול איז פּונקט געווען געשלאָסן. אויף אַ בענקל אינדרויסן איז געזעסן חיים־מאיר דער סווירער, ער האָט זיך דאַן אויפגעהאַלטן אויפן סווינציאַנער שולהויף. אים איז ניט אָנגעגאַנגען וואָס גייט אַ שניי. ביי אים איז געווען אַ שליסל. דערזען עלע־לייזער מיט ראַסע׳ן האָט ער זיי וואַרעם באַגריסט מיט זיין באַקאַנטן נוסח.

— איך האָב חן!

עלע־לייזער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז ער וויל מערניט אַריינקוקן אין די ספרים אַ ווייַלינקע. חיים־מאיר האָט אויפגעעפנט די קרומע טיר וואָס האָט געסקריפּעט מיט אַ ניגון. אינעווייניק איז געווען פינצטערלעך. ער האָט באַמערקט אַז ראַסע מצבה איז געבליבן אין גאַס. ער האָט איר געהייסן אַריין אין פּאָליש. ער האָט זיי אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפּ וואָס אין פּאָליש און איז וייטער אַרויס.

ראַסע האָט גענומען קלערן אַלערלייאיקע געדאַנקען. ליאָלקע דער סטרונויצער מאַכט ערגעץ לחיים מיטן פערד, איין גאָט וויים וואו. חיים־מאיר דער סווירער שטייט ביי דער וואַך אינדרויסן אין אַ שניי. אָט זיצט זי, ראַסע, אין פּאָליש פון דער אַלטער שול אויפן סווינציאַנער שולהויף מיט איר באַלעבאָסעס אייניקל, אַ קראַסאַוויץ און עילוי, עלע־לייזער חיים. אין ליידיקן, טונקעלן בית־מדרש וואָס האָט זיך קוים געזען דורך דער טיר פון נאַפט־באַלויכטענעם פּאָליש, איז געווען אַן אימהדיקע

רואיקייט. פון ערגעץ ווייט האָט מיט שטאָלץ אַראָפּגעקוקט דער טאַטע בענדע־גד.

אַז זיי זיינעןביידע געזעסן און עלע־לייזער האָט אַראָפּגענומען די אַלע בענד זוהר פון אַ פּאָליצע — ער האָט געוואוסט גענוי וואו זיי שטייען — האָט ער איר געזאָגט אַז ער פאַרשטייט פון זיידנס בריוו אַז זי וויל וויסן וואָס ס׳שטייט אין זוהר וועגן מתים. ביי עלע־לייזערן איז אויסגעקומען אַז ס׳איז גאָר אַ מצווה ענטפערן אויף פראַגן פון אַ מיידל וואָס גיט זיך אָפּ מיט לייב און לעבן רייניקן און באַפּוצן פאַרוואָרלאָזטע מצבות, פאַרוואָס לאַכט מען פון איר אָפּעט? ער האָט איר געזאָגט אַז צו דער מינוט פאַלט אים איין מערניט דריי שטעלן אין זוהר. בשעת מעשה האָבן זיינע פינגער אָנגעהויבן טאַנצן איבער די ספרים ווי אַ פּאָרטעפּיאַן.

— וואָס שטייט דאָרטן געשריבן?

— נו, אין פרשת משפטים שטייט, נאַ, דאָ איז עס. אַז אַ מענטש האָט חתונה מיט אַן אלמנה קומט צו גיין דער רוח פון טויטן מאַן, און פירט מיט אים מלחמה. דערפאַר שטייט דאָ: ומאן דנסיב ארמלתא כמאן דעאל בימא ברוחין תקיפין בלא חבלין, דאָס הייסט אַז ווער ס׳האָט חתונה מיט אַן אלמנה, דער איז געגליכן צו אַ מענטש וואָס גייט אין ים אַריין, פון אַ שיף הייסט עס, בשעת אַ זאַווערוכע און גיין גייט ער אָן שטריק. און וואָס טרעפט אַז דער גייסט פון צווייטן מאַן איז פאָרט שטאַרקער? דאַמאָלסט, זאָגט דער זוהר אַז דער רוח פון ערשטן מאַן קערט זיך אום צום קבר און פון דאָרטן קומט ער צו חלום ביי די לעבעדיקע: ומתמן משטטא בעלמא ואתחזי בחלמא לבני נשא.

ביים ליכט פון נאַפט־לאָמפּ האָט עלע־לייזערס פּנים

געגומען גלאַנצן מיט פרייד. זיין התמדה ביי די ספרים מאַכט אים פאַר אַ העלד אין די אויגן פון אָטאָ דער מיידל. ראַסע׳ן איז יענע רגע געווען געגוי אָט אַזאַ עלית נשמה. נאָר וואָס, ניט דאָס איז זי געווען אויסן.

— איי איי איי! — — נאָך עפּעס איז דאָ?

— איך זע אַז ניט דאָס זוכט איר. איז וואַרט אַ רגע. אַ, דאָ, אין פּרשת שופטים גייט די רייד וועגן דעם צי דער מלאך המות האָט הנאה פון הרגענען מענטשן צי איז די פרייד זיינע נאָר אַ פרייד פון אויספירן דעם רבונו של עולמס ווילן. זאָל איך עס אייך איבערלייענען אינעווייניק?

— באַלד. נאָך עפּעס פאַראַן?

— אַ רגע. יאָ, אין פּרשת פּנחס, אין דער סוגיא נפש, רוח, נשמה, שטייט געשריבן, וואַרט צו, אָטאָ דאָ איז עס: וכד מית בר נש בהאי עלמא, ההיא נפש לא אתעדי מן קברא לעלמין. ובחילא דלא ידעי מתיא משתעו דא עם דא. אַז אַ מענטש שטאַרבט דאָ אויף דער וועלט, רוקט זיך קיינמאָל ניט דער נפש פונעם קבר. און דורך אַ כח וואָס מיר קענען עס ניט, ריידן זיך צונויף די מתים איינער מיטן אַנדערן.

— וואַ־אַ־אַ! אָט דאָס זאָג איך אַלע מיינע יאָרן, זאָל איך אַזוי לעבן! די מתים זיינען ניט קיין טויטע. — — ס׳איז קאָנצערט! ער האָט דאָס געפונען אין זוהר. אַ מאַלאָדיעץ! איר קענט מיר די ווערטער אויפשרייבן?

— מהיכא תיתי.



# אַ טאָג אין ווייטשעפּל

בײַ דער שטעלע אין דער גרויסער רונדער ביבליאָטעק, אין בריטישן מוזיי אין לאָנדאָן, האָט זיך ליזאַ טאָמסאָן ניט איבערגעאַרבעט. אַז מ׳האָט אַוועקגעלייגט אין קליינעם דעמבענעם קעסטעלע די באַשטעלונגס־צעטלעך אויף ביכער, האָט זי זיי אַרײַנגעטאָן אין די אַלטע האַרט־גומענע צילינדערס, די צילינדערס פּאַרקלאַפּט און אַרײַנגעשטופּט אין די מיסטעריעזע רערן אין וועלכע זיי פּאָרן, ווי אוראַלטע באַנעלעך אין אַ קינדער־פּלאַנעט, ערגעץ אין די חדרי חדרים פֿון די אונטערשטע קעלערן וואו עס ליגן פּאַרבאָרגן די אַלע ביכער. יענעם זומער איז געווען אין לאָנדאָן אַ חמימה. דערהערט ווי איינער זאָגט דעם אַנדערן: „ברודערקע, ס׳איז היים! מ׳קען אַזוי ניט אָנגיין!״ איז ליזאַ׳ן איינגעפֿאַלן: סאַראַ קאָמעדיע — טאָג און נאַכט לאָזט מען אוים דעם גאַנצן ירגזון צו דער פּאַגאָדע, אַלמאַי ס׳איז קאַלט, די זון ניטאָ, אין גאַס טומאַן. אַז די זון ברענט שוין נעמט מען שרייען מיט אַ נייעם פּזמון, אַז מ׳גייט אוים פֿון דער היץ, און אין די פּאַרקן און סקווערן ליגט מען אַלע אויסגעשפּרייט ווי טויטע.

ליזאַ פּלעגט אַרײַנקוקן אין פּנים פֿון יעדן וואָס האָט אַוועקגעלייגט בײַ איר אַ צעטל, אַ קוק געטאָן אויף די נעמען

פון די באַשטעלער און די ביכער וואָס זיי באַשטעלן, געפּרואווט טרעפן וואָס פאַראַ מענטש איז דאָס. געווען אַ הויכע, ליזאַ, מיט לאַנגע ברוינע האָר, אַ צוציִענדיקן שמייכל, און פלעגט יענע הייסע טעג טראָגן אַ קורץ קליידל, אַ לויז, פייער־רויט „טי שערט" העמדל מיט אַ גרין בילד פון אַ פּאָיאַץ אינמיטן, אַ סטאַניק וואָס הייבט די בריסטן. זי איז אָפט געגאַנגען באָרוועס און מיט אַ היפּש ביסל צירונג — צוויי קייטלעך אַרום האַלדז (אַ לויז קייטל מיט אַ שטייפן), דריי בראָנזעלעטן אויפן רעכטן פאָדערשטן אָרעם, און איין קנעכל־קייטל וואָס האָט באַצירט דעם נאַקעטן לינקן פוס. זי איז געווען איינגעווויינט אַז מענער קוקן איר נאָך. זאָלן זיי, זי האָט זיי אין דער לינקער פּיאַטע, איר פעלט ניט קיין בחורים דאָרטן אין סטודענטן־הויז. צו וואָס דען פאַרברענגט מען דריי יאָר מיט אַזויפל בחורים וואָס זיינען אין איין עלטער און שטודירן ווי זי שטודירט, אויב ניט אויף צו לעבן אויף גאָטס וועלט אַ טאָג?

יענעם שבת אינדערפרי איז די ביבליאָטעק געווען איבערגעפּאַקט, געווען געשפּאַנט, ס׳היים, מ׳איילט זיך. שבת איז נאָר אָפּן אַ האַלבן טאָג, דערנאָך איז פאַרמאַכט ביז מאָנטיק. מ׳דאַרף אַריינכאַפּן. ליזאַ האָט קיין פּשרה ניט געמאַכט מיט איר פאַרוויילונג־ביי־דער־אַרבעט, האָט ווייטער באַקלערט יעדן צוקומער נאָר מיט עקספּערעס. באַלד ווי זי נעמט צו איין צעטל ביי אַ „לייענער", אָט שטייט שוין אין דער ריי דער קומעדיקער. ביי זיך אין קאָפּ האָט ליזאַ צעטיילט די לייענער: דאָקטאָראַלנע קאַנדידאַטן, פּראָפעסאָרן, שרייבער, פאָרשער ביי טעלעוויזיע סטאַנציעס, גלאַט בטלנים, און ניט ווייניק עלנטע מענטשן וואָס קומען זוכן פרייד, אפשר טרעפן אַ פיינעם מענטשן, אין ליכטיקן רונדן לייען־זאַל, אָנשטאָט זיצן אין דער

היים אין דער גרויסער איינזאַמער שטאָט.

יעדן טאָג פּלעגט זיך באַווייזן אַ מענטש וואָס זי האָט דעם גאַנצן זומער ניט באַוויזן אים קלאַסיפיצירן: ער איז געווען אַ מיטליעריקער, אַ קליינינקער, אַ קיילעכדיקער, אַ ייד, מיט אַ גרויסן פּליך און ברילן מיט געדיכטע גלעזלעך. ער איז אַלעמאָל געגאַנגען אָנגעטאָן מיט אַן אָנסוט מיט אַ שניפּס און אַ קאַמעזיילקע, אַפילו אין אַזאַ היץ. דער אָנשטעל פון אויסגעפּוצטקייט איז ניט געלונגען. פאַרפאַלן, ער זעט אויס לומפּיש און שלומפּערדיק, די בגדים זיינען ניט קיין נייע. זיי וואָלטן שוין לאַנג געמעגט זיין אויף יענער וועלט, דאָרטן אויפן הימל פאַר מלבושים. מיטליעריקע מאַנסבילן פלעגן פּרובירן פאַרפירן אַ שמועס מיט דער שיינער מיידל וואָס נעמט צו די צעטלעך. ניט אָטאָ דער מענטש. ער האָט איר אַפילו ניט אָנגעקוקט, זיך געאיילט צוריק צו זיין טישל, אַלעמאָל דאָס זעלביקע טישל, די וועלט וועט אונטערגיין אַז ער׳ט פאַרלירן אַ פּיצל רגע אַרבעט. פון די צעטלעך אַ גאַנצן זומער איז געווען קלאָר אַז דער מענטש פאָרשט עפּעס אוים אין שייכות מיט פּסיכאָלאָגיע. ער פלעגט באַשטעלן אַ סך אויפלאַגעס פון די זעלביקע ווערק פון פרויד און יונג און אַ ריי זעלטענע ביכער פון ניינצנטן יאָרהונדערט איבער היפּנאָז, כמעט אַלע אויף דייטש. פון די באַשטעלונגס־צעטלעך זיינע האָט זי אויך געוואוסט אַז ער הייסט ר. מעיעראָוויץ. ליזאַ׳ן איז דאַמאָלסט באַפאַלן יענע אַטראַקציע וואָס קומט צומאָל צו פאָרן ביי שיינע יונגע מיידלעך צו ניט־שיינע ניט־יונגע „אינטערעסאַנטע" מאַנסבילן און בפרט אַזעלכע וואָס ווייזן צו זיי ניט אַרוים קיין האָר אינטערעס. אפשר אויך יענע אַטראַקציע וואָס ציט צו שטודירנדיקע שיקסלעך צו געלערנטע מיטליעריקע יידעלעך.

ליזאַ פּלעגט פּרובירן פאַרפירן מיט מעיעראָוויצן אַ שמועס.

— וואָס מאַכט איר היינט, מיסטער מעיעראָוויץ?

— איך זע אַז איר קענט שוין דעם נאָמען מיינעם. אַ דאַנק, נישקשה, די צעטלעך זיינען אין אָרדענונג?

— אַוודאי, איך גיב זיי באַלד אַריין. מ׳וועט אייך באַלד צוטראָגן די ביכער. איר אַרבעט אויף אַ בוך?

— איך אַרבעט אויף וואָס איך אַרבעט, ס׳פעלט ניט קיין אַרבעט — האָט ער איר אָפּגעווישט און גיך פּליטה געמאַכט. ניט קיין ייד וואָס האָט צייט צו פאַרפירן שמועסן איבער דברים בטלים מיט די מיידלעך וואָס אַרבעטן אין ביבליאָטעק.

אַלע טאָג האָט ליזאַ געמאַכט אַנדערע קונצן אויף צו פאַרדרייען דעם יידן אין אַ שמועס נאָר ס׳איז געווען אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט.

— איר זייט זיכער אַ באַרימטער פּסיכאָלאָג?

— איך בין מעיעראָוויץ. די צעטלעך זיינען אין אָרדענונג?

— יאָ.

ב

יענעם שבת האָט ליזאַ באַשלאָסן דערגיין אַ טאָלק מיט דעם מעיעראָוויץ. אַז די גלעקער האָבן געקלונגען — אַ סימן אַז מ׳גייט פאַרמאַכן — איז ליזאַ אַוועק זוכן אין לאָנדאָנער טעלעפאָן בוך „ר. מעיעראָוויץ״, האָפנדיק אַז זיין וועט ניט מער ווי איינער מיט אָט אַזאַ נאָמען. געווען נאָר איינער. דער אַדרעס איז 111 קאָמערשל ראָוד אין ווייטשעפּל. אַזוי גאָר! זי האָט

געוואוסט אַז ווייטשעפּל איז דאָך די באַוואוסטע אָרעמע געגנט אין מזרח לאָנדאָן וואו דורות אימיגראַנטן האָבן זיך באַזעצט, וואו די תושבים ריידן מיטן שיינעם „קאָקני" ענגליש. ליזאַ איז קיינמאָל נאָך ניט געווען אין ווייטשעפּל, נאָר זי האָט געוואוסט וועגן געגנט פון אירע לאָנדאָנער עלטערן וואָס האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין ווייל נאָך איידער זי איז געבאָרן געוואָרן. איצטער האָט זי זיך אַריבערגעקליבן אין לאָנדאָן אויף צו שטודירן. איצטער זיינען די פריינט במילא ניטאָ אין שטאָט. דער טאָג איז יונג — געגאַנגען!

דער פּלאַן איז געווען אַ פּשוטער. זי וועט זיך אַרומדרייען אַרום זיין הויז. טאָמער וועט זי אים פּאַקן, וועט זיין: „אָ סאַראַ צופאַל, איר גיט דאָך מיר אייערע באַשטעלונגס־צעטלעך אין בריטישן מוזיי אַלע טאָג" און אין ערגסטן פאַל, וועט זי גלאַט אַ קוק טאָן ווייטשעפּל. זי איז צוגעגאַנגען צופוס ביז יוסטאָן סקווער, אַריין אין „אונטערגרונט", געפאָרן ביז בייקער סטריט און דאָרטן אויף דער פּלאַטפּאָרמע נומער 5 געכאַפּט די ווייטשעפּלער באַן. אין אַ צוואַנציק מינוט אַרום איז זי אין ווייטשעפּל. אַרוים אין גאַס איז עס עפּעס גאָרניט לאָנדאָן, גאָרניט ענגלאַנד. אַ נייע עקזאָטישע וועלט. די גאַס וואָס הייסט ווייטשעפּל איז אַ ריזיקע. די לאַווע, אַן אומגלייבלעך ברייטע, איז געווען פול מיט קליימן, וועגענער און שטעלכעלעך, אַ מין מאַרק. אַלערליי אָרעמעלייט האָבן זיך אַרומגעדרייט. אַלטע היימלאָזע האָבן געשטופּט וועגעלעך מיטן גאַנצן האָב־און־גוטס. בענגלאַדעשער פרויען זיינען מחנותוויז אַרומגעגאַנגען מיט קאָלירירייכע לאַנגע קליידער. בעטלער זיינען געשטאַנען מיט די אונטערשטע טיילן פון צעבראָכענע בראָנפן־פלעשלעך, געבעטן אַ מטבע. מ׳האָט גערעדט אין גאַס אַ סך העכער און אַ

סך גיכער ווי אין צענטער לאָנדאָן, טאַקע מיטן פּריילעכן „קאָקני" אַקצענט.

זי איז געווען דורשטיק און איז אַריין אין נאָענטסטן שענק, אין אַ „פּאָב" וואָס הייסט „דער רויטער לייב", מיט אַ גרויסן הענגענדיקן ברעטל וואו ס'איז געווען אויסגעמאָלט אַ בילד מיט אַ גרויסן רויטן לייב, געבעטן אַ גלאָז פּעפּסי־קאָלאַ. אַוועקגעגאַנגען אַ וויילינקע, איז צו איר צוגעקומען אַן אַלטער באַבערדלטער ווייטשעפּלער, מיט צעריסענע קליידער און אַ קאָפּ לאַנגע ווילדע האָר. זי האָט זיך דערשראָקן. ער האָט איר אַ זאָג געטאָן אויף ענגליש נוסח ווייטשעפּל:

— האָט ניט קיין מורא, כ'ל אייך קיין שלעכטס ניט טאָן. איר האָט צוויי ברידער מיט אַ שוועסטער אָבער ניט אין לאָנדאָן. אַליין זייט איר אַ וועלשישע. איר זייט געקומען אין ווייטשעפּל צוליב אַ ליבע, אַניט?

— גאָט אין הימל! ווי אַזוי האָט איר געוואוסט אַז איך האָב צוויי ברידער מיט אַ שוועסטער? אַז זיי זיינען ניט אין לאָנדאָן? וועגן אַ ליבע, איז ניין, ניט גענוי אָבער —

— איך היים שאָן. מ'רופט מיר דאָ שאָן דער לעפּריקאָן. אַז איר וועט מיר קויפן אַ גלאָז ביר „ביטער" וועל איך אייך אויסזאָגן אייער צוקונפט. איך בין אַ פּראָפעסיאָנעלער מענטש. איך נעם ניט אומזיסט קיין געלט.

— פאַרוואָס ניט? איך קום באַלד — און זי האָט אים פון באַר אָפּגעטראָגן אַ גלאָז ביר „ביטער". ער איז שוין געזעסן ביים טיש אַ סטאַטעטשנער ווי אַ גרויסער דאָקטער וואָס זיצט און וואַרט דער פּאַציענט זאָל זיך אַוועקזעצן.

— נו, וואָס 'עט זיין?

— איר'ט האָבן דריי קינדער, צוויי טעכטער מיט אַ זון. די

עלטסטע וועט געבאָרן ווערן צען יאָר פון היינט.

— דאָס איז אַלץ זייער אינטערעסאַנט, נאָר דאָס קען איך ניט וויסן גאָרניט צי איר האָט רעכט. אַז איר האָט מיר ריכטיק געזאָגט וויפל ברידער און שוועסטער איך האָב איז געווען אַ קונץ! אַז איך בין אַ וועלשישע האָט איר דערשנאַפּט זיכער פון מיין ריידן. איר האָט אָבער עפּעס געזאָגט וועגן מיין קומען אין ווייטשעפּל און ליבע. אפשר קענט איר וועגן דעם עפּעס זאָגן?

— איך זע ניט די זאַך זייער קלאָר. נאָר איך זע אַז איר זייט דאָ געקומען צוליב עמעצן. ס׳איז עמעצער וואָס אייער קומען צו אים איז ניט אינגאַנצן לויטן שכל, ס׳איז פון יענע אָבסעסיעס וואָס צווינגען מענטשן גיין אויף וועגן וואָס זיי אַליין וויסן גאָרניט צי זיי ווילן דאָרטן גיין, זיי ווייסן ניט וואוהין די וועגן וועלן פירן. אגב, זייט וויסן אַז אין ווייטשעפּל לעבן אַלערלייאיקע כוחות פון אַמאָל וואָס זיינען אַנדערשוואו אין ענגלאַנד אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן.

— איר קענט עפּעס זאָגן מער ספּעציפיש?

— ניין. איך קען אייך נאָר זאָגן דאָס וואָס איך ווייס. אויב איר ווילט גיב איך אייך דעם אַדרעס דאָ ניט ווייט פון לאַמאָר. לאַמאָר איז אַ סך אַ גרעסערער וואָרזאָגער ווי איך. ביי אים צום טיש יאַווען זיך גייסטער פון מתים. איך בין מערניט אַ נביא פון פּאָב. ער איז אַ ציגיינער. ביי אים וועט איר אָבער ניט אַרויס מיט אַ גלאָז ביר. ביי אים וועט אייך קאָסטן. ביי אים איז דאָ אַ צויבער־גלאָז, צוויי שוואַרצע קעץ, אַ שלאַנג פון מאַלאַזיע, אַ מייזעלע מיט פליגל און ווייערעך.

— ניין, איך האָב ניט קיין געלט, איך וועל זיך האַלטן ביי אייך, שאָן.

— קען איך אייך אויב אַזוי זאָגן מערניט איין זאַך: אין אַ קעסטעלע אָן אַ שלאָס איז אַמאָל דאָ זאַכן וואָס זיינען ווערט ניט ווייניקער ווי יענע וואָס מ׳האַלט אין אַ קעסטעלע מיט אַ שלאָס.

— איך פאַרשטיי ניט.

— איך אויך ניט. איך גיב אייך איבער דאָס וואָס איך זע. אַליין בין איך אַ קנאַפּער פאַרשטייער. איך מוז אַוועק.

ליזאַ׳ן איז אַדורך אַזאַ מין ציטער אין קערפּער וואָס באַדייט אַז מ׳האָט ערשט דורכגעלעבט עפּעס אַ וויכטיקע זאַך. אַז דער שאָן איז אַוועק האָט איר געצויגן צו משקה. ביי די סטודענטישע הוליאַנקעס בעתן זמן האָט זי געטרונקען ניט צו פאַרזינדיקן. דעם זומער אין די היצן האָט זי זיך גראַדע ניט צוגערירט צו אַלקאָהאָל, און איצט האָט זיך דווקא פאַרגלוסט אַ גלעזעלע. דאָרטן גופא אין „רויטן לייב" האָט זי באַשטעלט איינעם נאָכן אַנדערן פיר לחיימס, אַלץ ריינע משקה, פאַרביסן מיט אַ פּאַקעט ניט־פרישע איבערגעזאַלצענע ניסעלעך. מ׳האָט געקלונגען אין פּאָב אַז באַלד גייט מען פאַרמאַכן. זי איז געווען מטושטש. איר האָט געדאַכט אַז אָט קלינגט מען שוין ווידער אין ביבליאָטעק, אַז אַ גרויסער רויטער לייב שטייט אינמיטן ביבליאָטעק. אַרויס אין גאַס, דער קאָפּ איז געוואָרן קלאָרער, אַ נייער באַגער: קאַווע. נאָר קודם האָט זיך געבאָמבלט אין קאָפּ אַז זי איז געקומען זוכן עפּעס אַ מעיראָוויץ ערגעץ אין אַ קאָמערשל ראָוד.

ג

ליזאַ האָט געפרעגט ביי אַ דיקער פרוי וואָס האָט פאַרקויפט ראַדיאָס אין גאַס וואו איז קאָמערשל ראָוד און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז זי אָנגעקומען אין 111 קאָמערשל ראָוד, אַן אַלטער, חורבהדיקער בנין אויפן ראָג פאַרפיט סטריט. זי איז אַריין אין קאָרידאָר. אויף דער וואַנט לעבן די פּאָסט־קעסטלעך איז געהאַנגען איינגעראַמט ווי אַ בילד אַן אָפּגעריבענע רשימה איינוואוינער. צווישן די אַזיאַטישע, מוסלמענישע און ענגלישע נעמען איז געווען דער יידישער נאָמען ר. מעיעראָוויץ. זי האָט געוואַרט אין גאַס אַ האַלבע שעה טאָמער וועט ער פּונקט דאַמאָלסט דורך אַ נס אַריין אָדער אַרויס. גאָרניט.

זי איז געווען צוריק אויף דער הויפּט־גאַס, ווייטשעפּל. פּונקט לעבן דער אונטערגרונט סטאַנציע איז זי אַריין אין דער קאַפעטעריע ABC, גענומען אַ גלאָז קאַווע און געעפנט אַ מיטגעבראַכטן בוך. אָפּגעזעסן אין קאַפעטעריע אַ קאַרגע שעה, ווער זאָל אַריין, מעיעראָוויץ. דער איינציקער מענטש אין דער קאַפעטעריע וואָס איז געגאַנגען מיט אַן אָנסוט. זי האָט געהיט ווי ער איז צוגעגאַנגען מיט אַ קעז סענדוויטש און אַ גלאָז קאַווע צו אַ ליידיקן טיש. ער האָט צעעפנט אַ צייטונג און האָט זיך בשעתן עסן פאַרטיפט אין דער צייטונג, עלעהיי ער טראָגט אַ שילד: שטערט ניט!

זי איז אָבער געווען האָפערדיק. כאָטש קיין ווייב איז ניטאָ! אַליין איז ער. זי האָט ניט געוואַגט צוגיין, אַפילו ניט צורוקן זיך צו אַ נענטערן טיש. דער ייד האָט צו ביסלעך געגעסן און אינטענסיוו געלייענט, אָפטמאָל צורעכטגעמאַכט די ברילן.

ליזאַ האָט געהאַלטן אין האַנט דאָס ליידיקע טעפּל קאַווע און געקוקט.

סוף כל סוף איז דער קליינער מיטליעריקער ייד אַרויס פון דער קאַפעטעריע. ליזאַ איז אים פונדערווייטנס נאָכגעגאַנגען. ביים ראָג איז ער געבליבן שטיין ביי דער רויטער ליכט און דאָרטן האָט זי אים געפּאַקט.

— מיסטער מעיעראָוויץ! איר דערקענט מיר זיכער ניט, איך נעם צו אייערע צעטלעך יעדן טאָג אין בריטישן מוזיי.

— אָ, יאָ, איך דערקען. איר וואוינט דאָ אין געגנט?

— ע, ניין, איך האָב אָבער זייער ליב די געגנט, איך קום דאָ אָפט — האָט געפלוידערט די צונג מיט אַבי וואָס.

— וואוהין גייט איר איצטער?

— אַ, ע, ס׳איז אַזוי. איך האָב געטראַכט צוגיין צום טייך, צו דער טעמזע. מ׳קען אַדורך דורך קאָמערשל ראָוד?

— מ׳קען. איך וואוין אין קאָמערשל ראָוד, איך גיי אַהיים. אפשר ווילט איר טרינקען ביי מיר אַ גלאָז קאַווע?

— יאָ, אַ דאַנק, ס׳איז מיר אַ כבוד.

— ס׳איז ניט קיין כבוד, ס׳איז קאַווע.

זי איז מיט אים צוגעגאַנגען די פּאָר מינוט. אָרעמע קינדער האָבן זיך געשפּילט מיט אַ שטריק וואָס איז געווען צוגעטשעפּעט צו צוויי אייבערשטע פענצטער אויףביידע זייטן געסל. יעדער איינער איז איבערגעפלויגן די גאַס אָנהאַלטנדיק זיך אָן דער שטריק. מעיעראָוויץ האָט אַ זאָג געטאָן זיין יונגער באַגלייטערין:

— פון אָטאָ די קינדער וועלן אויסוואַקסן מענטשן וואָס זיינען פעאיק צו אַלצדינג אין דער וועלט. פון די אויסגעפּוצטע, העפלעכע, פערפעקט געשאָרענע קינדער אין האַמסטעד און די

אַנדערע רייכע געגנטן וועלן אַרוים שלימעזאַלניקעס וואָס ריידן מיט אַ שיינעם אַקצענט און שוין, יעדער איינער אַ לא־יוצלח, אַ פלאַכער גאָרניט.

— יאָ, איר האָט רעכט, אָבער פאָרט, זיי קענען אַראָפּפאַלן און דערהרגעט ווערן.

מ׳איז אַריין אין בנין. מעיעראָוויץ האָט געוואוינט אויפן דריטן שטאָק. די טרעפּ זיינען געווען שמאָל, שמוציק, מיט ריחות פון השתנה. קינדער האָבן זיך געשפּילט אויף די טרעפּ אויף בענגאַליש. סוף כל סוף, אַז מ׳איז געשטאַנען לעבן זיין טיר האָט ער אַרויסגענומען אַ בינטל מיט גרויסע אַלטמאָדישע שליסלעך און אויפגעעפנט.

אינעווייניק ביי מעיעראָוויצן איז געווען נאָך מער חורבהדיק ווי אין די קאָרידאָרן. מ׳האָט אַ שאָק מיט יאָרן ניט געמאַכט קיין רעמאָנט. דאָרטן וואו ס׳זיינען אַראָפּגעפאַלן שטיקלעך וואַנט האָבן אַרויסגעשטאַרצט אינדזלען מיט העל בלוי, געל, פּורפּלנע בלימעלעך, שמוציק ווייס און מער פון אַלצדינג אַ סך מינים גרין. פון אַלע זייטן זיינען געווען ביכער, ניט אויף ריכטיקע פּאָליצעס נאָר אויף פאַרשידענע ברעטער וואָס זיינען געשטאַנען אויף ציגל. די ביכער זיינען געווען פאָרזיכטיק אויסגעשטעלט. ער האָט ליזאַ׳ן געבעטן אַוועקזעצן זיך אויפן איינציקן שטול אין צימער, אַן אַלטער הילצערנער שטול מיט אַכט שטאַנגען אין הינטן פון וועלכע צוויי האָבן געפעלט. ער איז אַריין אין קיך מאַכן קאַווע. אַ הינטעלע איז געשלאָפן אויף אַ טאַפּעט וואָס איז געווען אַזוי פאַרשטויבט אַז ס׳איז געווען שווער זיך פונאַנדערקלייבן וואָסער קאָליר איז ער, דער טאַפּעט. דאָס הינטל האָט אויסגעזען זייער אַלט, ווי מיט געשאָנקענע יאָרן נאָכן הינטישן מאה ועשרים.

— איר זייט זיכער אַ סטודענטקע אין לאָנדאָנער אוניווערסיטעט.

— יאָ, איך האָב געענדיקט איין יאָר, ענגלישע ליטעראַטור. איך אַרבעט אין בריטישן מוזיי זומערצייט. איך האָף צו קענען ווייטער אַרבעטן נאָכן זומער די דריי אָוונטן אַ וואָך ווען די ביבליאָטעק איז אָפן ביז שפּעט. ס׳געפעלט מיר זייער ווי אייער דירה איז פול מיט ביכער.

— איך בין אַן אַרבעטסלאָזער נאָר מיין לעבן איז לערנען. פאַר דער מלחמה בין איך געווען אַ סטודענט פון פּסיכאָלאָגיע אויפן אוניווערסיטעט אין ווילנע. ווילנע האָט איר אַמאָל געהערט?

— עפּעס געהערט. וואו איז עס געווי?

— די קרוינשטאָט פון ליטע, היסטאָריש גערעדט, נאָר פאַר דער מלחמה איז עס געווען פאַרכאַפּט פון פּוילן. איך בין אַ ייד. בשעת דער מלחמה בין איך געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בוכענוואַלד מיט די צוויי קליינע זין מיינע, די ווייב האָט מען דערשאָסן נאָך אין פּאָנאַרער וואַלד, ניט ווייט פון ווילנע. אין לאַגער האָבן די נאַצים געשטעלט אַ דראָט, אַנדערש פאַר קינדער פון יעדן עלטער. אַזוי ווי איך בין אַ קליינער, זיינען זיי געווען קליינע, זייערע קעפּ האָבן ניט דערגרייכט ביזן דראָט. האָט מען זיי באַלד אַריינגעטאָן אין גאַז־קאַמער. ענגלאַנד איז אַ פאַנטאַסטיש לאַנד. מ׳גיט מיר די דירה און איך מעג לייענען און שרייבן אַ גאַנצן טאָג. מיין לעבנס־אַרבעט איז אַ בוך איבער היפּנאָז אין ניינצנטן יאָרהונדערט און זיין איינפלוס אויף פרוידן. פרויד האָט שפּעטער צו אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט היפּנאָז, ווען ער האָט פאָרמולירט דעם פּסיכאָאַנאַליז. אָבער אָן היפּנאָז וואָלט קיין פרויד ניט געווען און קיין פּסיכאָאַנאַליז

אוודאי ניט.

— ס׳איז זייער אינטערעסאַנט — און אין סאַמעריידן האָט זי זיך געכאַפּט אַז זי איז נאָך בגילופין, אַז זי פֿאַרשטייט קוים וואָס דער ייד רעדט. זי האָט זיך ניט געשעמט און האָט ביי אים געפֿרעגט צי ער האָט משקה אין שטוב. כאָטש ער האָט איר ערשט געהאַט געבראַכט קאַווע און איז געשטאַנען אַנטקעגן איר — קיין צווייטן שטול פֿאַר זיך האָט ער ניט אַריינגעטראָגן — איז ער צוריק אין קיך און האָט זיך אין אַן אויגנבליק אומגעקערט מיט אַ פֿלאַש קאָניאַק און צוויי גרויסע גלעזער, ניט קיין משקה־גלעזלעך. פֿון שטויב וואָס אויף דער פֿלאַש איז קלאָר געווען אַז אַ שיינע פּאָר יאָר האָט די פֿלאַש געבענקט אַ גאַסט זאָל דערהייבן די עלנטע שטוב.

ליזאַ האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— דעם גאַנצן זומער בין איך אין אייך פֿאַרליבט.

— וואָס רעדט איר? איך בין אַלט און מיאוס. איר זייט יונג און שיין. ס׳פֿעלן אייך בחורים אין אוניווערסיטעט?

— ס׳פֿעלן ניט.

— איך באַדויער זייער, איר זייט זייער אַ פֿיינער מענטש, אַן אויסערגעוויינלעך שיינע מיידל, נאָר איך בין אַ גאַנץ לעבן געטריי מיין אומגעקומענער פֿרוי. נאָך איר טויט האָב איך ביי זיך אַ נדר געטאָן אַז איך וועל אויף אַן אַנדער פֿרוי ניט קוקן ביזן טאָג פֿון מיין טויט.

— יאָ, איך פֿאַרשטיי. אפֿשר קען מען סתם זיין פֿריינט?

— אַדרבא. מיר וואָלט זיך געפֿרייט האָבן אַ יונגן פֿריינט, זאָל זיין אַ פֿריינדינע. הערט אויס, איך מוז באַלד אַוועק, נאָר אַז מ׳עט זיך טרעפֿן אין ביבליאָטעק מאָנטיק וועט מען אָפּריידן אין וועסט־ענד, אין צענטער לאָנדאָן, אַ מיטיק. גוט?

— גוט. אַ דאַנק!

— כ׳ל אייך באַגלייטן ביז אין גאַס.

ד

אין גאַס האָט נאָך געברענט אַ הייסע זון. ליזאַ איז געווען פול מיט די לחיימס, מיטן נביא פון פּאָב און מיטן קליינעם יידן וואָס וויל איר ניט ליב האָבן. אַ מאָדנער פּלאַץ, דער ווייטשעפּל. אַ משוגענער איז געשטאַנעןביים ראָג, האָט אין סאַמע היץ געטראָגן אַ שווערן מאַנטל, שטיוול און הענטשקעס. אַז ליזאַ איז פאַרביי האָט ער איר אַ רוף געטאָן:

— טייערינקע, וואַנזין! בלויז וואַנזין האָט אַ זין! אַראָפּ מיט די קלאָרע! טיף טייער!

זי האָט אים אַ שמייכל געטאָן און איז געגאַנגען ווייטער. אַן אַלטער צעשויבערטער מענטש האָט פּרובירט פאַרריכטן אַ לאָך אין ראָד פון אַ וועליסאָפּעד מיט צוויי דעקלעך פון בלעכענע פּושקעס און בשעת מעשה האָט ער אונטערגעברומט אַן אַלט ענגליש לידל, „העברי דער אַכטער בין איך, איך בין״. אויפן ווייטשעפּלער שטייגער האָט ער אַרויסגערעדט „ענערי״ און ניט קיין „העברי״.

אַ גרופּע פרײלעכע יידן זיינען גיך נאָכגעגאַנגען איינעם אַ שיינעם יידן מיט אַ מאַגנעטישן שמייכל און אַ סענסועלער שטימע. אַ פּנים פון מלכות האָט ער געהאַט, נאָר געטראָגן האָט דער מענטש בגדי דחקות — אַלטע, אָרעמע קליידער. גערעדט האָבן זיי אַ פרעמדע שפּראַך, מסתמא יידיש. זיי האָבן אַלע געפּרואווט ציען זיין אויפמערקזאַמקייט, אַלע האָבן אים

בבת אחת אַ רוף געטאָן: „שטענצלו!״, „שטענצלו!״ — אַפּנים הייסט ער שטענצל. ביז וואַנען זיי זיינען פאַרביי האָט ליזאַ געקוקט אויף אים אַ פאַרכישופטע, מיט פאַרגלאָצטע אויגן.

זי איז אַדורך אַ זייטיק געסל צוריקוועגס צו דער סטאַנציע. צוויי יונגע ווייטשעפּלער, ענגלישע אַרבעטער טיפּן, האָבן איר געפרעגט צי זי וויל צו זיי אַריינגיין. ביי זיי איז פריילעך, האָבן זיי פאַרזיכערט. אַ מינוט האָט ליזאַ אַ קלער געטאָן און דעם קאָפּ באַלכסונדיק געהויבן און געקוקט אויף אַ ווייט הויך פענצטערל וואו אַ קינד האָט זיך געשפּילט אויף דער פּלאַטפאָרמע פון שריפה־לייטער פונקט לעבן פענצטער.

— פאַרוואָס ניט? — און זי האָט דערווײַלע געטראַכט אַז ס'איז קלאָר אויף די פּנימער אַז דאָס איז ניט קיין שלעכטע יאַטן.

זיי האָבן איר געפירט דורך אַ טיר פון אַן אַלטן בנין. פון דרויסן איז עס געווען נישקשה חורבהדיק. אינעווייניק איז געווען פריש באַפּאַרבט מיט אַלערלייאיקע קאָלירן ווי אָן אַ פּלאַן. דאָ איז געווען אַ קעסטעלע געל אויף אַ גרינער וואַנט, דאָ אַ פאָרמלאָזע קאַלוזשע רויט אויף אַ בלויער וואַנט. אַלע קאָלירן זיינען געווען אַחוץ ווייס און שוואַרץ. אין סאַלאָן איז געווען פול מיט בחורים און מיידלעך, מ'האָט אַלע געטרונקען און געררייכערט, געהוליעט אויף די העכסטע טענער אויף וואָס די וועלט שטייט. די זינגרייכע צוויי בחורים זיינען אַריין מיט זייער געכאַפּט פישעלע, ליזאַ. אַ שיינע און דערצו אַ סטודענטקע. ליזאַ'ן איז באַלד אויף אַן אָרט איינגעפאַלן אַז דאָ איז אמתע פריילעכע חברה, ניט די צעפּיעשטשעטע סטודענטן וואָס האַלטן זיך פאַר גאַנצע ידענים דאָרטן אין אוניווערסיטעט.

— וואָס לערנסטו דאָרטן אין אוניווערסיטעט?

— ע, ענגלישע ליטעראַטור — האָט זי בקול דממה דקה געענטפערט, ווייסנדיק זייער גוט אַז ביי די בלאַטע חברה אין ווייטשעפּל קען דאָס נאָר זיין אַ געלעכטער.

— און איך רייניק הייזער — האָט אַ שריי געטאָן אַ מיידל מיט האַלב בלאָנדע האַלב גרינע האָר, אַ רינגל אין נאָז און איין עלעקטריש אוירינגל אין רעכטן אויער.

— איך גנבע אָטאָמאָבילן — האָט שטאָלץ דערקלערט אַ קליין דאַר בחורל מיט אַ שוואַרצן לעדערנעם רעקל. ווער ס'איז אויף אַזויפל קאַרג אַז ער מאַכט ניט קיין אַלאַרם ביי זיך אין מאַשין האָט ניט קיין רעכט צו האָבן אַ מאַשין. איך פאַרקויף זיי גלייך, מ'שיקט זיי אַוועק אין פוילן נאָך איידער די פּאָליציי דאָ פאַלט איין אַז ס'פעלט אַ מאַשין. נו, דאָ און דאָרטן דאַרף מען די היגע פּאָליציי אויך צושאַרן אַן אָטאָמאָביל, וואָסי, זיי קומט דאָך עפּעס אויכעט.

— עדי איז אַ באַרימער. איך בין ניט מער ווי אַ ווייטערקע דאָ אין אַ קאַפע.

— שאַ, איך האָב אַ פּלאַן — האָט אַ זאָג געטאָן סאַימאָן, דער עלטסטער, שענסטער בחור אין געזעמל, מיט שוואַרצע האָר וואָס האָבן אויסגעזען ווי ער וואָלט אין זיי אַריינגעטאָן ניט מער און ניט ווייניקער אַ גאַנצע פלאַש מיט שמירעכץ. — זאָל אונדזער נייע פריינדינע ליזאַ אָפּלאָזן די שטותים מיט לענגישער איטעראַטור, אַזוי האָט זי געזאָגט צי ניט, און ווערן מיין מיידל. איך דאַרף אַ מיידל פון זינט מיין געוועזענע, אָט דאָ שטייט זי, פּאָלי, האָט מיר אַרויסגעוואָרפן ווי אַ באַנוצטן שמעקלדעקער! און פאַר וועמען האָט זי מיר אַרויסגעוואָרפן? פאַר וועלכער מציאה? פאַרן מיאוסקייט באָב! אָט שטייט ער. סוואָליטשעס ביידע! נו, מילא, נעכטיקע מעשיות. איך בין ניט קיין מענטש

וואָס ליידט פון די זאַכן. איך מיין אַז ס'איז שוין צייט איך זאָל האָבן אַ מיידל פון אוניווערסיטעט. חברה! איך האָב אַ וויכטיקן אַנאָנס. אמת, מיר האַלטן ביי די הויכע לחיימס נאָר איך בין ניט קיין מאַן וואָס רעדט סתם אין דער וועלט אַריין — און ער האָט זיך אַ דריי געטאָן צו ליזאַ'ן, זיך אַוועקגעזעצט אויף איין קני און אָן חכמות געזאָגט:

— ליזאַ! איך האָב דיר ליב! לאָז אָפּ די נאַרישקייטן דאָרטן אין אוניווערסיטעט און קום ווער מיין געליבטע. איך האָב אַ שיינע דירה דאָ ניט ווייט פון טייך. מיינע פריינט וועלן זיין דיינע פריינט. וואָס זאָגסטו?

— ע, כי כי, איך האָב זייער אַ סך געטרונקען היינט, איך ווייס ניט וואָס איך רייד, אָבער — גוט! געמאַכט! דאָ איז ריכטיקע פרייד, ניט ווי ביי די אָנגעבלאָזענע כניאָקעס וואָס ביי אונדז אין אוניווערסיטעט. און וואָס שייך ליטעראַטור איז דאָך עס אַן אידיאָטסטווע לייענען דווקא וואָס זיי הייסן.

באַלד איז די לאָנדאָנער סטודענטקע אַריין אין פאַרמעסט מיטן ווייטשעפּלער יונגנמאַן, ווער איז מער דרייסט און געוואַגט, ווער איז מער „עכטער מענטש".

— איך בלייב אין ווייטשעפּל! — האָט ליזאַ אַ שריי אויס געטאָן.

— בראַוואָ! — האָבן חברה געשריען מיט איין גרויסן קול און מ'האָט איר גענומען באַגיסן מיט אַ פלאַש וויין.

מ'האָט יענע נאַכט געהוליעט ביז שפּעט. דערנאָך איז מען געפאָרן זאַלבעצענט מיט דריי מאַשינען צו ליזאַ'ן אין צימער אין אוניווערסיטעט, אָפּגענומען אירע זאַכן און איבערגעפירט אין סאַימאָנס דירה אין ווייטשעפּל. דאָרטן איז זי שוין געבליבן. זי האָט מיטגעאַרבעט אין סאַימאָנס געשעפט וואו מ'האָט

פאַרקויפֿט אַלטע מעבל. זי פֿלעגט אַלץ אָפּרייניקן מיט גלאָז־פּאַפּיר און אַריינרייבן בינען־וואַקס ביז ס׳האָט געגלאַנצט. פֿון שמאַטעס זיינען געוואָרן אַנטיקל־זאַכן. זיי איז וואָסאַמאָל בעסער געגאַנגען. די עלטערן אין ווילז האָט זי אָנגעזאָגט אַז זיי דאַרפֿן שוין ניט שיקן מער קיין געלט. אַוועק צוויי יאָר האָט איר סאַימאָן ערגעץ וואו אין געגנט אָפּגעדרוקט אַ „דיפּלאָם". זי האָט עס אָפּגעשיקט די עלטערן עס זאָל זיי ניט פֿעלן קיין נחת און שוין. די ענגלישע ליטעראַטור וועט זיך שוין אַן עצה טאָן.

ה

באַלד ווי ליזאַ איז אַרויס פֿון מעיעראָוויצעס דירה יענעם שבת האָט אים אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ געטאָן די חרטה. יאָ ליב ניט ליב, ווער שטויסט עס אַזוי אָפּ אַ שיינע יונגע מיידל וואָס קומט דערקלערן זיך אין ליבע פֿאַר אַזאַ ייד ווי ער איז? און וואָס פֿאַרא שכל איז דאָס געווען דערציילן איר אַ באָבע־מעשה אַז ער דאַרף ערגעץ גיין? וואָס וואָלט געווען די עוולה אַז זי וואָלט געזעסן נאָך אַ האַלבע שעה? זיין גאָטזעליקע ווייב אַליין וואָלט אַזוי געהאַט געזאָגט. ער האָט זיך אָבער דערמאָנט אַז ער וועט ליזאַ׳ן זען מאָנטיק אין ביבליאָטעק. ניט געפֿערלעך. ער וועט איר דאַמאָלסט ערגעץ וואו פֿאַרבעטן אויף אַ שיינעם מיטיק.

מאָנטיק אינדערפֿרי איז מעיעראָוויץ האָפֿערדיק אַרויס פֿון בעט. צום ערשטן מאָל האָט ער אויסגעצוואָגן דעם קאָפּ צוויי מאָל, געניו ווי ס׳שטייט געשריבן אויף דער פֿושקע שאַמפּו. צום ערשטן מאָל זינט ער איז אין לאָנדאָן האָט ער ניט געקויפֿט קיין צייטונג־בלאַט ביים אַריינגאַנג צו דער אונטערגרונט סטאַנציע

אין ווייטשעפּל. ער איז אַריין ווי תמיד אין גרויסן, רונדן לייען־זאַל, איז צוגעלאָפן צו די קאַטאַלאָג־בענד אינמיטן און גיך אויסגעשריבן באַשטעלונגס־צעטלעך אויף עטלעכע ביכער. דעם קאָפּ האָט ער ניט געהויבן. דערנאָך איז ער זיגרייך צוגעגאַנגען צום פענצטערל וואו מ׳לייגט אַוועק די צעטלעך. דאָרטן איז שוין געזעסן אַן אַנדערע.



# סווירער נייע גליקן



יך האָב חן!
אָט אַזוי אָ האָט חיים־מאיר דער סווירער יעדן איינעם אַ זאָג געטאָן, ווען ער האָט נאָר דערזען. אַזוי אין גאַס, אַזוי אַז ער איז געגאַנגען איבער די הייזער. די ווערטער „האָב" און „חן" האָט ער קלאָר און שאַרף אַרויסגערעדט. אַמאָל, אַז ס'האָט זיך אים צי אַ צווייטן פאַרגלוסט אַ שמועס, האָט ער שוין גערעדט מיט איינצלהייטן, ברחל בתך הקטנה:

— איך האָב חן ביי גאָט און ביי לייט!

אַ קליינלעך יידעלע איז ער געווען, חיים־מאיר דער סווירער. אָדער ער פלעגט זיך אויפהאַלטן אויפן סווינציאַנער שולהויף, אָדער ער פלעגט וואַנדערן איבער די שטעטלעך און דערפער אַרום און אַרום. היינט אין קלושאַן, מאָרגן אין קאָמאַראָוו. אַז די הויזן זיינען געווען טונקל גרין, דער רעקל גרוי, די באָרד שאַטען (ווען ס'איז געווען ביי אים אַ באָרד) און די אויגן גאָר לעבעדיקע, אויף דעם אַלעמען האָט מען זיך ניט אומגעקוקט. אַ שטיקל חידוש איז געווען זיין היטל, אַ געשטריקט היטל, אַ קאָליר ווי זאַמד, מיט אַ שפּיץ אַזוי ווי ביי אַ קינד.

מיט וואָס איז זיין אויסזען יאָ באַרימט געוואָרן אין געגנט, מיט דעם וואָס ער איז געגאַנגען אין דאַמסקע טופל, אויף הויכע

קנאַפּלען. אַ דאַמסקע קאַסינקע פּלעגט ער אָנטאָן אויפן קאָפּ, מיט פּאַסן פון בלוי, גרין, ווייס, געל. די מימיק איז געווען פון אַ פרוי. אויך דער גאַנג, ער פלעגט זיך טראָגן מיט די פּיסעלעך אָט אַזוי ווי אַ פרוי.

אָטאָ די יידן וואָס האָבן געקענט חיים־מאיר דעם סווירער האָבן גוט געוואוסט אַז מיט די אַלע מאָדנע אויסערגעוויינלעכ־קייטן, איז ער ניט סתם אַ בעטלער און אַוודאי ניט קיין משוגענער. סוחרים פלעגן אים געבן ידיעות און בריוו. זיי האָבן געוואוסט אַז ריידן וועט ער ניט און איבערגעבן וועט ער. מ׳האָט אויך געוואוסט אַז דער ייד קען געבן אַ גוטע עצה אַז מ׳דאַרף. ווען איז דאָס געוואָרן, ביים טיש אין שטוב, אינעווייניק.

## ב

אין סוויר איז געווען אַ גביר אַ יורד, שאַסקע טאַרנאָפּאָל ט׳מען אים גערופן. שטילערהייט האָט ער אַלע זיינע יאָרן געליטן אַלמאַי מ׳ווייס אַז אַ גביר איז ער בירושה, אייגענע בריהשאַפט צו די געשעפטן האָט ער ניט געהאַט. שטילערהייט האָט אים צו די זיבעציק אויפסניי גענומען ברענען אַ תאווה די זאַך גוטצומאַכן, זיך אַרויסווייזן פאַר אַזאַ בעל־מסחר וואָס זאָל ווערט זיין דעם שטאָלצן נאָמען טאַרנאָפּאָל. שאַסקע איז געווען אַ קליין, שטייף יידל מיט אַ פערפעקט אַרומגעשאָרן ווייס דריי־עקיק בערדעלע. אַלעמאָל האָט ער געטראָגן אַ גרויסשטאָטישן אָנצוג, אַ גרויען אָדער אַ שוואַרצן, מיט גרינע שלייקעס, אַ גרינע קאַמעזיילקע און אַ ברוין היטל מיט אַ פּיצינק דאַשיקל.

אַלע ווײַלע האָט זיך אים געדאַכט אַז דאָס דאַשיקל איז ניט פּונקט אינמיטן און געזוכט אין גאַס אַבי אַ פענצטער אויף אָפּשפּיגלען זיך, צורעכטמאַכן. דעם שניפּס, ספּק פּורפּל ספּק טיף רויט, האָט ער אויסגעגליכן מערניט איינמאָל אינדערפרי. אָפּט איז עס געלעגן קרום און דאָס האָט אים גראַדע ניט געאַרט.

פון דער משפּחהס אַמאָליקן מאָנאָפּאָל איבער דער וואַלד־סחורה אין געגנט האָט ער געמאַכט אַ תל. אינוועסטירט — ווי אַ נאַר. אַ חוש אויף נעמען די ריכטיקע פּויערים אויף אַראָפּלאָזן ביימער — ניט געהאַט. נייע וועלדער — ניט פאַרזייט, ניט געקויפט. צו דעם אַלעמען איז ער פויל געווען זוכן אין אויסלאַנד נייע קאָנטראַקטן. געבליבן איז ער אַ ווינקל־גביר וואָס האָט זיך ניט איינמאָל בשן ועין אַרויסגעדראַפּעט פון אַ באַנקראָט. פון עשירות ביז דלות איז אָבער פאָרט אַ מהלך. ער איז געבליבן ניט קיין אָרעמאַן. די פירמע איז געבליבן לעבן פון אַמאָליקע כוחות.

נאָכמער האָט שאַסקע׳ן געערגערט וואָס אַלע האָבן געוואוסט אַז די ווייב ברײַנע־דאַנע האָט מער קלוגשאַפט אין נאָגל איידער ער אין די גאַנצע רמ״ח אברים. אַ דיקע יידענע, העכער פון אים מיט אַ קאָפּ, האָט זי זיך אַלעמאָל מישב געווען אַ פּאָר סעקונדעס פאַרן ענטפערן אויף אַ פראַגע, געקוקט אַראָפּצוצו אויף לינקס און בשעת מעשה אויסגעגראָבן אַ חזן־גריבעלע אין דער לינקער באַק מיטן ווייז־פינגער, און — געערדט צו דער זאַך.

אַז גאַנץ סוויר האָט אַמאָל געקלונגען מיט אַ ליבע וואָס ס׳האָט געשפּילט די טאָכטער איטקע מיט אַן אָרעמאַנס אַ זון, גערופן האָט מען אים שימקע סאַלקע׳ס, האָט שאַסקע גלייך

געוואָלט שלעפּן די שטעטלדיקע רכילות־טרייבער אויף אַ דין תורה, שוין גענומען באַשטעלן ביים רב די הזמנות. בריינע־דאַנע האָט געהאַלטן אַנדערש.

— זי גייט דאָך אַרום מיט אים. אַ ייד א י ז ער, קיין גנב איז ער דאָך נ י ט. טאָ זאָל מען שטעלן אַ חופּה און גיין ווייטער.

שאַסקע האָט איינגעזען אַז זי האָט רעכט, גענומען פֿאַרשטיין אַז ער גייט זיך אַריינלאָזן אין אַ וויסטער פֿאַרפּלאָנטערניש, אַ קאָמפּליקאַציע וואָס טויג אים אויף כּפּרות.

פּונקט ווי שאַסקע׳ן האָט געצויגן צו ברוין, גרין, שוואַרץ און פּורפּל, האָט בריינקע׳ן געצויגן צו אַלע מינים בלוי: הימל בלוי, ים בלוי, אַרבע כּנפֿות בלוי, מלכות בלוי (שניידער האָבן עס אָנגערופֿן „פּרייסישער בלוי") און מער פֿון אַלץ צו אַ ספּעציעלן זעלטענעם בלוי וואָס זי אַליין האָט געוואוסט צו מאַכן די פֿאַרב דערויף. אין סוויר האָט מען עס גענומען רופֿן „בריינקע׳ס בלוי", אַ קאָליר וואָס האָט אויסגעזען חנעוודיק־אַלט אַפֿילו אין אַ שפּאָגל־נייעם בגד. מ׳האָט איר גערופֿן בריינקע בלוי אָדער בריינע־דאַנע די בלויע, ווי ווער, ווי אַמאָל.

זיבן קינדער זיינען זיי געבאָרן געוואָרן. קיין שלעכטע מענטשן זיינען זיי ניט געווען, נאָר יעדער איינער איז געווען אַ לא־יוצלח געראָטן אין טאַטן, מערניט אָן דעם טאַטנס געווירשנטן סטאַזש, אָן דעם טאַטנס באַגער צו זיין אַזאַ מין ייד וואָס אַנדערע האָבן פֿאַר אים דרך ארץ. דער מאַמעס קלוגשאַפֿט איז צו קיין איינעם פֿון זיי ניט דערגאַנגען. געווען פֿיר טעכטער, אַלע הויכע. אַלע האָבן חתונה געהאַט פֿאַר גוטע משפּחות אין אַרומיקע שטעטלעך און מ׳האָט זיי אין סוויר אָפֿט ניט געזען. די דריי זין, אַלע קליינע, האָבן זיך יאָרן לאַנג אַרומגעדרייט אין די משפּחה געשעפֿטן ווי נוצלאָזע קלעצער

וואָס ליגן פּונקט אינמיטן אַ פּאַדלאָגע. סוף כל סוף האָט שאַסקע זיי אַלע דריי מיט די ווייבער און די משפּחות אינאיינעם אַוועקגעשיקט אין ווילנע אַרבעטן ביים שוועסטערקינד אשר־בער, אַ גביר וואָס האָט געהאַלטן אַ פֿאַבריק פֿון גומענע פּראָדוקטן. אַוועקגעשיקט האָט ר׳ שאַסקע זיינע זין, זייער פֿוילקייט און בטלנות זאָל ווייטער ניט קאַליע מאַכן דעם נאָמען טאַרנאָפּאָל, אַ נאָמען וואָס אין סוויר איז עס גאָלד מיט זילבער געווען שיינע הונדערטער יאָרן. ער האָט אויך ניט געוואָלט די זין זאָלן זען סאַראַ קנאַפּער אויפֿטוער ס׳איז דער טאַטע.

ג

נאָך פֿון פֿאַרצייטנס האָט די משפּחה טאַרנאָפּאָל געלעבט אין סוויר. ביי יידן איז דאָס פֿון זינט די וועלט שטייט סוויר דליטא. ביי גוים איז אַלץ געווען געווענדט אין דעם, ווער ס׳האָט עס דער לעצטער פֿאַרכאַפּט אין אַ מלחמה. נאָר דאַמאָלסט איז עס לאַנגע יאָרן געווען דעם צאַר׳ס אַ שטעטל אין ווילנער גובערניע וואָס אין תחום המושב.

אַ גן־עדן שטעטעלע איז געווען סוויר. די גלאַוונע גאַס איז געשטאַנען ווי אַ בריק אינדערלופֿטן, עלעהיי אַ מענטש וואָס איז אויסגעצויגן אויף הוילער לופֿט ביי אַ היפּנאָטיקער. אַמאָליקע צייטן האָט מען עס גערופֿן די לופֿטענע גאַס. איבער דער גאַס, אַרויפֿצוצו, איז געווען אַ משונה־ווילדער באַרג, „דער סווירער באַרג״. פֿון שפּיץ באַרג האָט מען געקענט זען אַרום און אַרום, אַ הימלדיקע פּאַנאָראַמע. אונטן, אַראָפּצוצו איז געווען די גרויסע סווירער אָזערע. זומערצייט זיינען גבירים פֿון

טיף רייסן געקומען פאַרברענגען די זומער טעג אין שיפעלעך מיט קעז, וויין, און אַלדאָסגוטס.

ביי סווירער איז סוויר געווען אַ „שטאָט אין דרייען”: דער באַרג, די גאַס, דער ים. מלמדים פשטל־זאָגער פלעגן קנעלן אַז אויף לשון קודש מאַכט עס הר, רחוב, ים — מיט ראשי תיבות הר״י וואָס הייסט בנוטריקון „מיין באַרג”. חדר־יינגלעך האָבן אָבער געזאָגט אַז דאָס איז אַ רמז אויף די הרי אררט וואו ס'איז געקומען צו רו נח'ס תיבה נאָכן מבול. אַ ראיה האָט מען אַז פון נח'ס צייטן איז נאָך פאַרבליבן סווירער אָזערע. לצים האָבן אָנגעוויזן אַז דאָס איז מערניט אַן אָנשפּאַר דערפאַר אַז סוויר געפינט זיך אין די רעכטע הרי חושך.

וועלפקע אפיקורס האָט פון דעם אַלעמען אָפּגעלאַכט. ער פלעגט אונטערזאָגן חדר־יינגלעך אַז דעם סווירער באַרג האָבן אויפגעשטעלט נאַפּאָלעאָנס סאָלדאַטן פון מלחמה וועגן. טאָמער גלייבט מען אים ניט האָט ער עדות, גאָר אַלטע פויערים וואָס געדענקען ווי אַזוי די סאָלדאַטן האָבן געטראָגן ערד אויף צו בויען דעם באַרג, דערפאַר האָט דער באַרג אַזאַ מאָדנעם אויסזען ביזן היינטיקן טאָג.

מיידלעך האָבן טאָג און נאַכט געזונגען אַ לידל:

קיין סוויר פאָרט מען ניט, קיין סוויר גייט מען
אין סוויר ווײנט מען ניט, אין סוויר זינגט מען
ווייל סוויר איז דאָך דעם ימס אַ באַרג
און סוויר איז דאָך דעם באַרגס אַ ים
און אינמיטן אַ לופט־געסעלע
און אינמיטן אַ לופט־געסעלע.

ר' שאַסקע טאַרנאָפּאָל'ס געירשנט הויז איז געווען אַ

גרויסער ציגלנער בנין, כמעט דער איינציקער ציגלנער בנין אין שטעטל. די פענצטער זיינען געווען שטאָט־מעסיקע, גענוי ווי אין ווילנע, יעדער פענצטער אין דרייען — צוויי גרויסע שויבן וואָס ציען זיך אין דער הייך, און פון אויבן אַ קליין סטעליע־פענצטערל וואָס ציט זיך אין דער ברייט. געשטאַנען איז דאָס הויז פונקט אינמיטן די לופטענע גאַס, אַנטקעגן סווירער באַרג, אויפן ראָג פון פיש־געסל וואָס פירט אַראָפּ צו דער אָזערע און צו רעכטס צו, פּאַזע דער אָזערע, אויף סמאַרגאָנער גאַס, וואָס האָט אויך געהייסן די רוסישע גאַס. סוף סמאַרגאָנער גאַס איז געשטאַנען דער סווירער בית־עולם אויף אַ באַרג וואָס שטאַרצט אַרויס אַזש אין דער אָזערע אַריין. דער בית־עולם איז פון דריי זייטן געווען אַרומגערינגלט מיט וואַסער. אינדערוווייטנס האָט אין זוניקע טעג געגלאַנצט דער גאָלדענער קופּאָל פון סווירער קלויסטער.

דער סווירער בית־עולם איז געשטאַנען אין אַ סאָסנע־וועלדל מיט ריזיקעביימער. מ'האָט גערעדט אַז די ערשטע טאַרנאָפּאָלס האָבן דאָס וועלדל פאַרפלאַנצט באַלד ווי זיי זיינען אין סוויר אַריינגעפאָרן מיט זעקס הונדערט יאָר פריער, די מתים זאָל זיין ניחא, זיי זאָלן באַדעקט און באַשירעמט ווערן מיט די סאָסנע נאָדלען, ביז משיח וועט קומען און רופן אַלע סווירער צו תחית המתים. לויט ווי מ'האָט דערציילט זיינען יענע טאַרנאָפּאָלס געקומען אין סוויר פאַרטיקע גבירים. זיי האָבן באַשטעלט יונגע ביימעלעך פון אַפריקע, אַזאַ מין בוים וואָס האָט אַ שם אַז עס שטייט הונדערטער און הונדערטער יאָרן. ווען אויך די ביימער שטאַרבן אָפּ, ווי עס שטאַרבט אַלצדינג, איז דאָס האָלץ ניט קיין סאָסנעווע האָלץ נאָר האַרט ווי די דעמבעס.

סווירער פלעדערמייז האָבן אַן אייגענע שטאָט אין בית־עולם וואַלד אויפגעשטעלט. סווירער האָבן יענעביימער אָנגערופן „פלעדערמויז ביימער". די לאַנגע שאַרף־גרינע נאָדלען פון די סווירער פלעדערמויז ביימער האָבן זיך קלאָר אונטערגעשיידט פון די סאָסנעס וואָס אַרום און אַרום. דער סווירער בית־עולם איז באַוואַקסן מיט די פלעדערמויז ביימער ביזן היינטיקן טאָג.

די טאַרנאָפּאָלם האָבן פון שטענדיק געהאַנדלט מיט האָלץ פון די אַרומיקע וועלדער. פויערים האָבן געפירט די קלעצער אויף וועגענער ביז אין מיכאַלישעק וואו ס׳גייט אַדורך די ווילִיע. דאָרטן האָט מען פון די קלעצער געמאַכט פּליטן, זיי געפירט קיין ווילנע און סוף כל סוף קיין בערלין. מ׳האָט גערעדט אַז די עשירות פון די טאַרנאָפּאָלם וואַקסט פון די גרויסע בערלינער מעבל־פאַבריקן וואוהין ס׳דערגייען די ביימער פון סווירער וואַלד נאָך זייער לאַנגער רייזע אין ערגעץ־ערגעץ לאַנד.

ד

סווירער קינדער זיינען ווי אַלע קינדער געווען אַ חברה חוזק־מאַכער. זיי האָבן אָפּגעלאַכט פון אַלץ און אַלעמען און מער ווי אַלצדינג פון ר׳ שאַסקע טאַרנאָפּאָל׳ן. זיין בערדל איז געווען אַזוי דריי־עקיק, די דריי זייטן כמעט גלייך אין מאָס, אַז מ׳האָט אים גערופן: „דער סגל". יינגלעך וואָס האָבן געלערנט טראָפּ פלעגן ספּעציעל הויך אויסזינגען דעם „מונח סגל". בעטן ביי טעווקע פאַריקמאַכער אַנדערש אַרומשערן האָט ער ניט

געוואָלט. ס׳וואָלט געהייסן אַז ער, דער שטאָלצער טאַרנאָפּאָל, גיט זיך אונטער אַ מושב לצים.

אַ קשיא נאָר מיט דער משפּחה׳ס נאָמען „טאַרנאָפּאָל״. מ׳האָט אין סוויר געוואוסט מערניט אַז טאַרנאָפּאָל איז אַ שטאָט ערגעץ ווייט אין גאַליציע. ביי טייל סווירער האָט מען גערעדט אַז ס׳איז דאָ צוויי טאַרנאָפּאָלס. קראַסע די געלע, וואָס איז געגאַנגען איבער די הייזער, פלעגט דערציילן אַז אין גאַליציע הייסן כמעט אַלע שטעט „טאַרנאָפּאָל״.

צו דוד המלכם יאָרן האָט זיך שאַסקע גענומען אין די הענט אַריין, באַשלאָסן אַז אַוועקגיין אויף יענער וועלט און איבערלאָזן דעם שיינעם נאָמען פון זיינע אור אור עלטערזיידעס אויף חוזק דאָ אויף דער וועלט קען ער ניט. ניט ס׳איז אַ יושר, ניט זיי וועלן אים אין גן־עדן אַריינלאָזן. מ׳דאַרף ווידער אויפבויען די געשעפטן געגנוי ווי ס׳שטייט געשריבן אין דער הפטורה, „כימי עולם וכשנים קדמוניות״. קיין קענער אין די קליינע אותיות איז דער ייד ניט געווען, דערפאַר האָט ער אָבער געקענט די הפטורות. אַלע פאַרשבת האָט ער זיך פאַרשלאָסן אין קאַנטאָר און גוט דורכגעקוקט ניט די מאָרגנדיקע סדרה נאָר דווקא די הפטורה. בחורווייז האָט מען אים גערופן „שאַסקע מפטיר״.

זיך האַלטן אַן עצה מיט דער יידענע, זאָל זי זיין ברוריה אַליין, האָט ניט געפּאַסט אַזאַ סעריאָזנעם באַלעבאָס, כאָטש ניט איינמאָל האָבן אירע עצות אים געראַטעוועט פון אַ שוואַרצן סוף. אַז ס׳האָט אַמאָל געהאַלטן בפירוש שמאָל, און דאָס ריזיקע הויז איז שוין געווען מערסטנטייל ליידיק — פאַרקלענערטע געשעפטן און חתונה־געמאַכטע קינדער — האָט אים ברײנע־דאַנע געגעבן אַן עצה ער זאָל לאָזן אַריינבויען

דריי נייע אַריינגאַנגען פון דער זייט, פון פיש=געסל, מ׳זאָל ניט קאַליע מאַכן דעם שיינעם פּאָרנט. דערנאָך וועט מען צעטיילן דעם קעלער=שטאָק אין דרייען און פאַרדינגען אויף הכנסה צו קרעמער.

דאָסמאָל איז אָבער שאַסקע׳ן געגאַנגען אין לעבן ער זאָל ניט אָנקומען צו דער יידענע. ריידן מיט אַנדערע גבירים ניט ס׳עט געפּאַסט ניט זיי וועלן אים ריכטיק וועלן העלפן. אים איז איינגעפאַלן פרעגן אַן עצה ביי חיים=מאיר דעם סווירער. אַמאָל האָט זיין טאַטע געפרעגט אַן עצה ביי חיים=מאיר׳ם טאַטע.

חיים=מאיר האָט זיך סוף כל סוף געיאָוועט אויף אַ פּאָר טעג אין סוויר. קיינער האָט ניט געוואוסט גענוי וואו ער האַלט זיך אויף. אין הקדש איז ער ניט געווען. שאַסקע האָט אים דערזען אין גאַס, איז צו אים צוגעגאַנגען און פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט אויף מאָרגן פיר אַזייגער. אויסזען וועט עס אַז יענער קומט דאַמאָלסט צופעליק, בעטן אַ נדבה.

— איך האָב חן! — האָט אים חיים=מאיר געענטפערט.

אויף מאָרגן איז ער געקומען צו דער מינוט. אין קאַבינעט איז געשטאַנען אַן אַמאָליקער ענגלישער „שותפים=טיש״, וואָס דער עלטערזיידע האָט געלאָזט אימפּאָרטירן פון מאַנטשעסטער. ס׳איז געווען אַ ריזיקער דעמבענער טיש מיט טישקעסטלעך און צירונגען, אַלע גענוי דאָס זעלבע פוןביידע זייטן, אָנגעמאָסטן אויף צוויי שותפים. די גרינע און רויטע פאַרבן פון אויבן, כאָטש זיי זיינען געווען היפּשלעך אָפּגעריבן, האָבן דאָך אויסגעזען קעניגלעך.

ה

אַז דער גביר ר׳ שאַסקע טאַרנאָפּאָל און דער אָרעמאַן חיים־מאיר דער סווירער זיינען געזעסן איינער קעגן אַנדערן ביים גרויסן שותפים־טיש, איז שאַסקע אָן הקדמות, אָן העפלעכע פּאָרשפּיל־רייד, אַריינגעפאַלן צום ענין, געזאָגט אַז ער האָט באַשלאָסן צו די שבעים אַוועקגעבן אַלע כוחות אויף צורעכטמאַכן די עסקים. ער האָט ניט געענוי געפרעגט, נאָר אַרומגערעדט די זאַך. געפרעגט האָט ער נאָר וואָס הערט זיך מיט וואַלד־סחורה אין די געגנטן וואו חיים־מאיר דער סווירער גייט אַדורך מיט זיינע שליחותן.

חיים־מאיר דער סווירער האָט זיך קיין רגע ניט איבערגעלייגט. ער האָט גענומען געבן דעם גביר עצות, עפּעס ניט דער זעלביקער ייד וואָס אַנדערע מיינען אַז מער ווי „איך האָב חן״ קען ער ניט ריידן.

— די זאַך פון דעם איז אַזוי, ר׳ שאַסקע. אומעטום וואו אַ באַלעבאָס שטעלט ניט אָן קיין אַדמיניסטראַטאָר, גייען די געשעפטן אַראָפּ. מ׳דאַרף אַריינגעמען אַן אַדמיניסטראַטאָר, אַ בוכהאַלטער, אַ ייד אַ ספּעציאַליסט, ניט פון די היגע וואָס האַלטן אייך פאַר אַ, אַ — — אַ ייד אַ געלערנטן, ע, וואָס האָט ניט קיין צייט צו די געשעפטן. נאָר וואָס, איר דאַרפט אַהער ברענגען פון ערגעץ ווייט אַן אַדמיניסטראַטאָר וואָס וועט היטן אייער טאַטנס ע״ה ירושה, אַ ייד וואָס וועט אָבער זיין געטריי אייך, ר׳ שאַסקע׳ן און ועמען ס׳וועט ניט אַרן וואָס דעם כבוד פאַר די אויפטוען אין מסחר וועט מען אייך צוטיילן, ווי ס׳קומט אייך, ר׳ שאַסקע.

שאַסקע האָט זיך דערפרייט מיט חיים־מאיר דעם

סווירער׳ס עצה און מער פון אַלץ איז אים געפעלן געווען דאָס וואָרט „אַדמיניסטראַטאָר״. אַוואו האָט חיים־מאיר געכאַפּט אַזאַ מין וואָרט? ביי שאַסקע׳ן אין מויל איז עס באַלד פאַרדרייט געוואָרן אויף „אַדנעמיסטראַטער״.

ר׳ שאַסקע האָט חיים־מאיר׳ן באַלעבאַטיש געגעבן אַ קאָנווערט מיט אַ שיינע פּאָר רובל. ניט עפּענענדיק דעם קאָנווערט אַפילו האָט דער וואַנדערנדיקער סווירער אביון פון זיין קעשענע אַרויסגענומען אַ צעטל, אויך צוגעגרייט פון פריער, עס דערלאַנגט דעם סווירער עושר. דאָרט זיינען געשטאַנען די נעמען פון צוועלף גאָר אָרעמע סווירער משפחות וואָס נייטיקן זיך אין אַ גמילת חסד.

— אויב איר קענט, ר׳ שאַסקע, געפינט עפּעס אַן אופן ווי אַזוי זיי צו הילף קומען.

— געמאַכט!

אַזאַ ייד איז געווען חיים־מאיר דער סווירער. גיט שלמה המלכס עצות, דערלאַנגט זיי מיט משה רבינוס שטעקן, טוט דאָ און דאָרטן אַ מצווה, בעט נדבות, גייט ווייטער.

פאַר זיך אַליין האָט זיך אָבער שאַסקע פּאָרט געשעמט וואָס ער האָט געמוזט אָנקומען צום וואַנדערנדיקן בעטלער אויף אַזאַ פּשוטן איינפאַל. ער האָט גענומען טראַכטן ווי אַזוי ער קען דעם איינפאַל אַ ביסל איבערדרייען ס׳זאָל אויסקומען אַז ס׳איז זיינער. געטראַכט און געטראַכט און געפאַלן אויף אַן המצאה. זיין פאַמיליע, דער נאָמען פון זיינע אבות, מוז דאָך סוף כל סוף שטאַמען פון דער שטאָט טאַרנאָפּאָל. אַן אַדמיניסטראַטאָר דאַרף ער במילא ברענגען פון ערגעץ ווייט. טראָגט דאָך אויס דער שכל אַז אַן אַדמיניסטראַטאָר זאָל מען ברענגען ניט פון וואַרשע און ניט פון קרעמעניץ נאָר פון טאַרנאָפּאָל.

געווען איז דאָס אין די גרויסע פרעסט אין שבט, מ׳פלעגט זאָגן „שבט נעבראַט״. ר׳ שאַסקע האָט איינגעלאַדן צו זיך אין הויז ירוחם שרייבער. ער האָט באַשטעלט ביי אים אַ בריוו צום טאַרנאָפּאָלער שטאָט־רב אין גאַליציע, אַ בריוו מיט ספר תורה אותיות און קריינדלעך עס זאָל מאַכן אַן איינדרוק. אין בריוו זאָל שטיין אַז ער, ר׳ שאַסקע טאַרנאָפּאָל, זוכט אַ בוכהאַלטער אַן אַדמיניסטראַטאָר פון טאַרנאָפּאָל, און צי קען ער, דער טאַרנאָפּאָלער רב, עמעצן נאַרייען. טאָמער יאָ, וועט מען באַלד שיקן לאַזערקע בעל־עגלה (אין בריוו איז ער מיטאַמאָל געוואָרן „אלעזר הפורמאַן״), ער וועט פאָרן אין טאַרנאָפּאָל אָפּנעמען דעם קאַנדידאַט אויף פאַרהער אין סוויר. צאָלן וועט מען דעם קאַנדידאַט פאַרן קומען און מ׳עט אים געבן אויף הוצאות צי מ׳נעמט אים צי ניט.

ירוחם סופר האָט אָנגעוואָרנט שאַסקע׳ן אַז דעם טאַרנאָפּאָלער רב וועט אויסקומען מאָדנע וואָס אַ גביר אין אַ ליטווישן שטעטל גייט זוכן אַ בוכהאַלטער אויף יענער זייט סמבטיון. עס פעלן דען ווילנער? און אין סווינציאַן איז ניטאָ קיין בוכהאַלטער? און אין מינסק? ירוחם האָט אַליין צוגעגעבן אין בריוו אַ מעשה, אַז די טאַרנאָפּאָלער בוכהאַלטער האָבן איבער גאַנץ ליטע און רייסן אַ שם אַ גאָלדענעם. רבנים ברענגט מען פון וואַלאָזשין, שסן פון ווילנע, טליתים פון בערשאַד, אתרוגים פון יאַנאָוו, און ספּעציאַליסטן אין חכמת המסחר והמספּר פון — טאַרנאָפּאָל. דער בריוו איז געווען געשריבן אויף דייטשמעריש מיט אַ פּאָר שורות לשון קודש וואָס ס׳האָט צוגעגעבן דער סווירער רב, ר׳ בנימין־מלך סווירסקי.

ו

אַז מ׳האָט זיך דערוואוסט, סיי ביי ירוחם שרייבער אין שטוב סיי ביים רב, האָט לאַנג ניט געדויערט גאַנץ סוויר זאָל האָבן וואָס צו לאַכן. ביי טייל ליטוואַקעס איז ניטאָ קיין כאַ-כאַ-כאַ, נאָר וואָס, קודם זופן זיי אַריין לופט אין די לונגען און טוען אַ גיכן שיס-אוים מיט אַ פפפפפפ, דערנאָך ערשט אַ טכע-טכע-טכע וואָס פאַלט אַריין אין טכי-כי-כי. אומעטום האָט מען אין סוויר געקענט הערן אומגעפער דעם זעלביקן שמועס.

— האָשם גיהערט? דער אַלטער שמאַשקע טאַרנאָפּאָל האָט אַראַינגישסיקט אַ בריוו מיט שטיפער-טעירע עישסיעשם צום טאַרנאָפּאָלער רב דער רוח וועישם וואו ערגיץ יענע זאַיט שסמבטיון אין גאַליציע, אַז וואָס? אַז ער זוכט דווקא דאָרטן אַ בוכהאַלטער. אַז העישסן העישסט ער טאַרנאָפּאָל, צו וואָשם דאַף ער אַ גוטן בוכהאַלטער, ער דאַף מערניט אַ בוכהאַלטער וואָס קומט פון אַ שסטאָט וואָס העישסן העישסט זי עיכיט טאַרנאָפּאָל. משסתמא האַלט ער אַז די גאַנצע שסטאָט דאָרטן איז נאָך עם אַ נאָמין.

— געי אַוועק!

— אַ עמעשסע מאַישסע, ווי איך בין אַ איד! זאָל איך צער האָבן — — געי פרעג באַ ווען דע ווילשסט אין שסטאָט, ׳עט מין דיר זאָגן.

— אַ קאַשסיף אַ מאַישסע. באַלד וועט ער נאָך עימיצן אונטערקעיפן מ׳זאָל שסוויר ניט רופן מער קיין שסוויר נאָר „טאַרנאָפּאָל״. און דאַמאָלסט ׳עט ער אַלעין וועלן העישסן ניט אַנדערשט נאָר „שסוויר״. אַ אַינפאַל מיט אַ טאַרנאָפּאָל! אינגאַנצן טראַ-לאַ-לאַ געוואָרן פון שספילן זיך אַזעיפל מיטן

דאַשסיק.

מאָטל פּוף, דער שטעטלשער משוגענער, האָט אָנגעהויבן מורא האָבן אַז מ׳גייט ביי אים צונעמען זיין אַמט:

— שס׳פעלט עם יחושם דעם גביר? ער וויל נאָך צונעמען באַ מיר די פּרנשסה. וואָשם וויל ער פון מאַינע יאָרן, א י ך מאָטל מאַלע־ריווע׳ם בין דאָ אין שסטאָט משסוגינער! כ׳ל עם נאָך לאָדן אַף אַ דין־טעירע!

מ׳איז ספּעציעל פאַרביי דעם הקדש, אויסהערן וואָס ס׳זאָגט וועגן דעם אַלעמען זאַלקע די צעדרייטע. אַליין האָט זי זיך גערופן זאַלקע מלכה דהקדש קודש. זי האָט געטראָגן אַ בלעכענע קרוין וואָס ס׳האָט איר געמאַכט אַן אַמאָליקער ליבהאָבער אַ ציגיינער, וואָס האָט זיך אַ האַלב יאָר אויפגעהאַלטן אין סוויר און אָנגעמאַכט ביי איר אַ ממזר. טאָפּקע זאַלקע׳ם האָט מען אים יענע יאָרן גערופן. יעדן האָט זאַלקע דערציילט אַז ביינאַכט רעדט זי מיט אַלע שדים, גוטע און ניטגוטע און אַזעלכע וואָס זי דאַרף ערשט דערגיין וואָסערע זיינען זיי. אויסגעהערט פון יעדן די נייעס אין שטעטל, האָט זאַלקע אָפּגעפּסקנט קורץ און שאַרף:

— פאַראַן אַ שסד רשטותא (ראַשטוסע), דאָס איז דער שסד פון שסתם אַ שטות, אַ שטות אָן אַ פאַרוואָשם, אָ דאָס איז דער שסד וואָס שפּילט זיך מיטן אַלטן צו די זיבעטשיק.

מ׳האָט זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס זאַלקע האָט גערעדט. כאָטש מ׳האָט איר גערופן „זאַלקע די צעדרייטע״, איז מען פונדעסטוועגן אָפּטמאָל אַדורך דעם הקדש־געסל זיך צוהערן צו אירע רייד. אַז מ׳האָט זיך מיט איר באַגריסט, האָט מען אַ פרעג געטאָן, „וואָס זאָגט עפּעס היינט זאַלקע־מלכה? זאַלקע האָט באַלד אויסגעבעסערט, דערמאָנט אַז הייסן הייסט

זי „זאַלקע מלכה דהקדש קודש".

אין ווייטן טאַרנאָפּאָל האָט מען אויך גענומען ריידן.

— האָס׳ געהעיאַט וועיגן עפּים אַ גביר אַ לוטוואַק אַרגיץ אין די הרי חושך אין אַ העק וואוס ׳איסט שוויר, סוויר, צי געשוויר, כ׳וואַים, דאַ ריאַך וואַים וויאַהין מ׳דאַף דום זיהכן. דאַ׳ ייט שיקט בריף אַז אָט זיהכט ער אַ מענטש צי זאַהנע גישעפטן, אַ בוכהאַלטער, דווקא אַ טאַרנאָפּאָלער! די האָס׳ אין דאַהן לעיבם אַזאָינס געהעיאַט? זוק!

דעם טאַרנאָפּאָלער רב, ר׳ קותיאל אונטערמייער, האָט זיין ווייב אסתרל אָנגעוואָרנט, ער זאָל זיך ניט אַריינלאָזן אין געשעפט.

— טאַהרינקער, דאַ׳ לוטוואַק איז אַ גאָונער, קאַ אַנשטענ־דיגער מענטש שראַהבט ניש קאַ בריף פין קרוקע ביז לעמבערג אַז ער זיהכט ניש׳ כולילע קאַ גיטן אַדמיניסטראַטער נאָר וואועס, דווקא אַ לעמבעריקער. ס׳אַ מאַהנסע וואוס האַיפּט צעך ניש אוען אין לאָסט צאַך ניש אָועס!

— יאָ, יאָ, אָבאַ׳ פאָרט, אַז אַ גביר שראַהבט אַזש פין וואַהטן דאַף מין ענפערן. חיץ דעים האַנדלט צאַך דו אין אַ מצווה, פאַראַן דו ביי אינטס גיטע מענטשן וואוס ׳אָבם ניש׳ קאַ פּאַרנוהסע. פאַרליהרן באַם אַיסיק קעמע׳ ניש׳, וויבאַלט דער לוטוואַק צאָלטאָך אַלע העצועס, שיקט אַ וואוגן אופנעמין אין אַהאַימפירן. וואוס קען שוין זאַהן?

ז

דעם ערשטן טאַרנאָפּאָלער קאַנדידאַט, לייבל צוויג, האָט

ר׳ שאַסקע אויסגעהערט און באַלד אַוועקגעשיקט. דער לייבל האָט געהאַט דיקע אַרויסשטאַרצנדיקע ליפּן וואָס האָבן ניט געפּאַסט דעם גאָר דינעם געלן פּאַרשוין. אַקיצור, דער אויסזען זיינער האָט ניט נושא חן געווען ביים איבערקלייבערישן גביר. ר׳ שאַסקע האָט אים אָפּגעפּטרט מיט אַ פּאָר פּראַגן.

— די ביכער פון די פרעיערדיקע גישםעפּטן האָט איר מיגעבראַכט? נעין!? טע געי טרעף וואָס אַ איד קען. גיקומן אַזש פון גאַליציע און קין ביכל ניט מיגעבראַכט? זאָלט איר מיר גיזונט זאַין! איר זאַינט אַ כאָכם פון דער מה נשתנה. נידאָשם זוכט מין דאָ!

דער גאַליציאַנער בוכהאַלטער איז אַרויס אַ באַליידיקטער, אויך אַ צופרידענער, וואָס ער איז ניט אַריינגעפאַלן צום בייזן כעסן. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ מזל וואָס מ׳פירט אים אַזש ביז טיף אין דער ליטע און צוריק אַהיים אין אַ פור, און דערצו צאָלט מען אים לויטן טאָג און מ׳גיט אויף הוצאות. נישקשה.

נאָכן דורכפאַל מיטן ערשטן קאַנדידאַט האָט דער טאַרנאָפּאָלער פּרנס גענומען שרייבן שאַסקע׳ן בריוו בעטנדיק צדקה פאַר דער טאַרנאָפּאָלער חברה קדישא און פאַרן בדק הבית, אויפצופאַרריכטן דעם דאַך פון בית־מדרש. וואַרטנדיק אויפן צווייטן קאַנדידאַט ווי מ׳וואַרט אויף משיחן האָט דער ליטווישער יורד קיין ברירה ניט געהאַט. ער האָט גענומען שיקן מתנות און נדבות אינאיינעם מיט די בריוו וואו ער האָט געבעטן מ׳זאָל צושיקן אַ נייעם בעלן. אַ תאווה איז דאָך אַ תאווה. דער נייער אַדמיניסטראַטאָר מוז זיין אַ טאַרנאָפּאָלער.

דער צווייטער, מאַקס וואולף, אָט אַזוי האָט ער זיך גערופן, איז געקומען אַ צוויי חדשים נאָכן ערשטן, מיט אַ מאָדערנעם דייטשישן ראָק. ער האָט גערעדט דייטשמעריש.

שאַסקע האָט זיין לשון ניט געקענט פאַרטראָגן, אים אָנגעזאָגט חוצפּהדיק:

— פאַרשטעיט איר מיר, דאַיטשם שסראַיפּט מין, און רעידן רעדט מין ווי אַ איד!

דער טאַרנאָפּאָלער דייטשמערוק האָט נאָך געהאַט די העזה צו פירן מיט שאַסקע׳ן דעבאַטע.

— זאָאַען זי מאַוכל, הער טאַרנאָפּאָל, עס פּאַסעטעט פיר אַין גראַוסעם פירמע ווי דען הער טאַרנאָפּאָלס, וואָהין דער הער זאָפיל האַרוואַניה הערײַנגעלאַיגט האַט, דאַס דער בוכהאַלטער אונד אַדמיניסטראַטאָר וועזענטליך אַין ראַינעם דויטש שפּרעכען זאָל, דאַס אַין ווירקליכען אַינדרוק מאַכטען עס פיר די קונדע אַוסלאַנדס, אַלס דאַס מאַן שפּריכט דען יודען־דויטש פאָן דען סוויר.

כאָטש ר׳ שאַסקע האָט קיין דייטש ניט גערעדט האָט ער גענוג געהאַט צו טאָן מיט בערלינער מעבל סוחרים און סטאָליער. ער האָט גוט דערטאַפּט דעם חילוק פון דייטש ביז קוידערוועלש. ער האָט געהאַלטן אַז דער נודניק קען ניט קיין דייטש ניט קיין יידיש און אויף אַ צולאָג קומט ער באַליידיקן סוויר. ער האָט אים געוויזן די טיר.

דער דריטער קאַנדידאַט וואָס ס׳האָט געשיקט דער טאַרנאָפּאָלער רב איז שוין געקומען מיט אַ האַלב יאָר שפּעטער. שאַסקע׳ן איז ער גלייך געפעלן געוואָרן. וועלוול קליינבערג האָט ער געהייסן, אַ מיטלוואַוקסיק, דיקלעך יידעלע, מיט אַ שאַרפער גאַליציאַנער אויסשפּראַך וואָס האָט שאַסקע׳ן געקלונגען קאָמיש אָבער שיין און קלאָר. אַ מיטליעריקער און אַן אונטערטעניקער איז ער געווען און דערצו אַ געניטער. אַ גליק מ׳וועט כאָטש ניט דאַרפן אַראָפּברענגען קיין ווייב מיט קינדער

אויף דער פּירמע׳ס חשבון.

וועלוול קליינבערג האָט נאָך געהאַלטן אין ריידן. שאַסקע האָט זיך געשפּירט רואיקער און פרייליכער ווי ווען ניט איז אין די לעצטע יאָרן. ביי אים אין די מחשבות האָט זיך דער דור־דורותדיקער מזל פון די טאַרנאָפּאָלם פּלוצלונג אומגעקערט. אין דמיון האָט ער געזען ווי אינאיינעם מיט אָטאָ דעם גאַליציאַנער ווערט ער קעניג פון סוויר ווי ס׳איז געווען דער טאַטע, ר׳ בענצע טאַרנאָפּאָל וואָס אין געגנט האָט מען אים געקענט אַלס בן־ציון טאַרנאָפּאָל, און אין בערלין — בענעדיקט טאַרנאָפּאָל. דער טאַלאַנט איז סוף כל סוף אויך צו אים אַריבער מערניט מיט אַ פּאַרשפּעטיקונג פון די מדבר יאָרן. ער איז געווען פּונקט דרייסיק יאָר אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן און ער איז אַליין, אַ בן יחיד, געוואָרן באַלעבאָס איבער די האָלץ געשעפטן.

ר׳ שאַסקע האָט וועלוול קליינבערגן גלייך אויף אַן אָרט פאָרגעשלאָגן די שטעלע. ער האָט אים געגעבן אַן עצה אַז וויבאַלד ער איז אַליין, האָט ער ניט וואָס צוריקפאָרן אין טאַרנאָפּאָל. זאָל ער זיך באַלד באַזעצן אין אַ דירה פאַר זיך וואָס געפינט זיך אין גרויסן ציגלנעם בנין וואָס אויף דער לופּטענער גאַס. לאָזערקע בעל־עגלה וועט שוין אַליין פאָרן אין טאַרנאָפּאָל אָפּנעמען זיין האָב־און־גוטס. מ׳האָט אָפּגערעדט שכירות און די זאַך האָט זיך מיט אימפּעט גענומען אין וועג אַריין.

נאָך צוויי קליינקייטן אין דעם וועלוול קליינבערגס רייד בשעת זייער לאַנגן שמועס, ביים עלטערזיידנס שותּפים־טיש, האָבן שאַסקע׳ן אַ ביסעלע פאַרדראָסן. ערשטנס האָט דער וועלוול צופעליק געלאָזט פאַלן, און טאַקע פאַרוואָס ניט, אַז ער איז ניט קיין געבאָרענער טאַרנאָפּאָלער, ער איז דאָרטן

געקומען חתנווייז פון אַ שכנותדיקן שטעטל, אָזשערנע. און צווייטנס, דער מיטליעריקער גרוש האָט געהאַפּט אַמאָל געפינען אַ נייע יונגע כלה. שוין פינף יאָר וואָס די ווייב האָט אים אָפּגעגנט און איז אַוועק מיט די צוויי קינדער מיט אַ נייעם, יינגערן מאַן, פריער אין וואַרשע, דערנאָך אין אַמעריקע. דאָ איז שוין נתעורר געוואָרן ביי שאַסקע׳ן אַ קאַפּיטשקע אייפערזוכט, דאָרטן טיף אין יענע מחשבות וואָס אַ מענטש וויים אַליין ניט אַז זיי זיינען ביי אים פאַראַן.

ח

באַלד נאָך דעם ווי ער האָט זיך אין סוויר איינגעסדרט, האָט וועלוול קליינבערג אָפּגעהאַלטן אַ לענגערן שמועס מיטן באַלעבאָס, שוין אַלס אָנגעשטעלטער, ניט ווי אַ קאַנדידאַט. ער האָט פאָרגעשלאָגן דעם באַלעבאָס אַ נייעם אָפּמאַך. גערעדט האָבן זיי שוין ווי אַלטע קאָלעגן, דער ניי־געקומענער גאַליציאַנער מיט זיינע לאַנגע, אויסגעצויגענע מוזיקאַלישע טענער, עפּעס ווי אַ יום־טובדיקער מוסף, און דער ליטוואַק, מיט זיינע שאַרפע, גיכע ווערטער, אַקוראַט ווי אַן אינדערוואָכעדיקע מנחה, נאָך וועלכער מ׳גייט באַלד ערגעץ לויפן.

— העריאַט אָועם מיט קאָפּ, באַלבועס. אַז איר׳עט מסכים זאַהן ציהגעיבם צי מאַהנע שכיהרות ניש׳ מעיער ניש׳ וואַיניקער צוואָנציק פּרעצענט צי אַלע נאַאַע רעוואוכם פין נאַאַע קאָנטראַקטן וואוס כ׳ל דעים באַלבועם ברעינגן וועל עך ניש׳ נאָר זאַהן דו ווי ׳אַיסטמינעם אַ בוכהאַלטער, עכ׳ל עינק אָופּבאָוען אַזאַ מליהכע וואוס אַהר זאַידע האָט דאַפין ניש׳

געכוהלימט. באַידע זעמיר ניש קאַ ייִנגילאַהט, די צאַהט לויפּט, טע טיהט צאַך אַ טראַכט צי עם גיפעלט דעם באַלבועם מאַהן פּלאַן אין האַהנט עט מען שוין קענין אונהאַיבם.

— ט׳ווי אַזעי׳ט איר׳שם מאַכן, ר׳ בוכהאַלטער? זאָלט איר מיר גיזונט זאַין! — האָט שאַסקע גענטפערט אַזוי גיך אַז וועלוול האָט קוים פאַרשטאַנען זיינע רייד.

— פאַלאָסט צאַך אָוף מיאַ׳, באַלבועם, אַין יואַ פין האַהנט אי׳ דום גישעפּט אַהרם באַרימט ביז מאָסקווע. גאָלט מיט זילבאַ עט זאַהן דער נומין טאַרנאָפּאָל.

ביידע זיינען כמעט מיט איין מאָל אַרוים מיטן ווערטל וואָס ס׳שטייט געשריבן וועגן אַזאַ מין אָפּמאַך: זה נהנה וזה נהנה ואף אחד לא חסר. דער געניסט, יענער געניסט און קיינער פאַרלירט דערביי גאָרניט.

וועלוול קליינבערג, אָדער וועלפקע סטראַטער ווי סווירער האָבן אים באַלד גענומען רופן — מער איז פונעם „אַדמיניסטראַטאָר" ניט געבליבן — איז ניט געווען קיין נאַר. זיין אַרבעטס־פּלאַן איז געווען אַ מעטאָדישער. דעם ערשטן חודש האָט ער זיך אויף נסים ניט פאַרמאָסטן. ער וועט מערניט דורכשטודירן יעדע זאַך וואָס האָט צו טאָן מיט די געשעפטן. גאַנצענע טעג האָט ער פאַרבראַכט אין די אַרומיקע וועלדער, זיך באַקענט מיט די ניין געבליבענע אַרבעטער (גאָר אַמאָל זיינען געווען צענדליקער), געהיט ווי זיי לאָזן אַראָפּ ביימער, ווי אַזוי און ביי וועמען מ׳פירט די קלעצער ביז דער ווייליע. שטילערהייט האָט ער גערעדט מיט די אָנגעשטעלטע ביי די הויפּט קאָנקורענטן, די מיכאַלישקער גובערסקים. ביז שפּעט אינדערנאַכט איז ער געזעסן, האָט שטודירט די ביכער מיט די חשבונות פון אַמאָל און פון ניט לאַנג. ער האָט דערשנאַפּט אַז

דער שאַסקע האָט צו מסחר די זעלביקע פּעאיקייט וואָס אַ קאַץ צום שווימען.

אַוועק אַ חודש, האָבן זיי זיך געטראָפן, ווי תמיד בייביידע זייטן פון אַלטן ענגלישן שותפים־טיש, דער באַלעבאָס מיט זיין בוכהאַלטער. די ערשטע זאַך, האָט וועלוול געזאָגט, מ׳דאַרף די ניין פּויערים, וואָס וואוינען אַלע אין די נאָענטסטע דערפער, אין לוציק, אין קורקול און אין קאָמאַראָוו, אויף אַן איידעלן אופן אָפּזאָגן. נייע דאַרף מען דערוויילע מערניט פּ י ר, זיי דאַרף מען ברענגען פון ווייטער אַ ביסל, פון אָלשעווע, לינטיפּ, קאָסטיעוויטש, שפּאָנדע. מ׳עט שוין איינשפּאָרן אַ וועלט מיט געלט. ער האָט דערלאַנגט דעם באַלעבאָס אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר מיט אַ סך קאָלאָנעס מיט ציפערן, שיין אָפּגעטיילט מיט רויטע שורהלעך, גלייכע ווי סטרונעס. שאַסקע האָט אַריינ־געקוקט און זיך געמאַכט אַז ער שטודירט די ציפערן.

שוין איינמאָל אַוועק. דערנאָך האָט וועלפקע סטראַטער געפּועלט ביים באַלעבאָס הוצאות אויף צו פאָרן אין בערלין. וואָס וועט ער דאָרטן טאָן? זיך באַקענען מיטן האָלץ מאַרק, און צוריקקומען אין סוויר מיט נייע קאָנטראַקטן, ניט אויף אַזויפל און אַזויפל האָלץ איצטער, נאָר אויף אַזויפל און אַזויפל אין משך פון דריי יאָר, פינף יאָר, צען יאָר. „איזהו חכם הרואה את הנולד" האָבן זיי ביידע געזאָגט, כמעט גלייכצייטיק.

דערוויילע האָט דער בוכהאַלטער שאַסקע׳ן איבערגעצייגט אַז די דריי דירות וואָס זיינען געווען פאַרדונגען די קרעמער דאַרף מען פאַרקויפן. אויב נייטיק אויף היפּאָטעקעס אָבער האַנטגעלט דאַרף מען און ניט קיין שיבוש. זאָל נעמען וואַקסן אַ שטיקל קאַפּיטאַל אויף אָפּקויפן נייע וועלדער.

צום ערשטן מאָל אין אַ שאָק מיט יאָרן איז געווען אַרום ר׳

שאַסקע׳ן און זיין ציגלנעם הויז אַ לופט פון לעבן, טועכץ, אַרומלויפעניש, אָנשטאָט דעם געוועזענעם ריח פון אָפּגעלאָזנ־קייט, אונטערגאַנג, שימל. די חדשים זיינען אַוועקגעלאָפן, און מ׳האָט טאַקע אָנגעהויבן קוקן אַנדערש אויף ר׳ שאַסקע טאַרנאָפּאָל׳ם געשעפטן.

פון ריידן יעדן טאָג מיטן כיטרען בוכהאַלטער איז ר׳ שאַסקע אַליין געוואָרן שוין נאָך די שבעים אי ווייניקער תם אי ווייניקער פויל. דער בוכהאַלטער ווידער האָט געהאַט שכל יעדן איינפאַל פאָרזיכטיק אַדורכשמועסן מיטן באַלעבאָס, יענער זאָל מיינען אַז ס׳איז זיינע אַן המצאה. דער משוגענער איינפאַל ברענגען קיין סוויר אַ טאַרנאָפּאָלער בוכהאַלטער האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר גאָרניט אַזאַ משוגעת.

ט

שאַסקע האָט אַלע זיינע יאָרן שיין באַהאַנדלט די ווייב, די קלוגע בריינע־דאַנע, וואָס איז געווען יינגער פאַר אים מיט אַ יאָר צען. לעצטנס האָט ער גענומען ריידן מיט איר גאָר אַנדערש, עפּעס ווי אַ באַלעבאָס צו אַ שפחה. ער האָט פאַרגעסן ווי איבערגעגעבן זי איז אים געווען העכער פערציק יאָר, ווי זי האָט אים געהאָדעוועט די זיבן קינדער און אַלצדינג פאַר אים געמאַכט. ניט קיין שרייערקע און ניט קיין פרוי וואָס פּטרט צייט אויף קריגן זיך, האָט זי געליטן ביי זיך שטיל און גענומען שטריקן נאָכמער ווי אַלעמאָל קליידער פאַר אָרעמע־לייט, אַליץ בלויע.

בריינע־דאַנע מיט וועלפקע סטראַטער זיינען גוט

אויסגעקומען ביז וואַנעט שאַסקע׳ן איז אין איינעם אַ טאָג איינגעפאַלן אַז ס׳פּאַסט ניט ער זאָל וואוינען אין אַ דירה אין זעלבן בנין וואו ס׳געפינט זיך דער קאַנטאָר מיט די געשעפטן. דאָס איז געווען אַ צוויי יאָר נאָך דעם ווי וועלוול איז אַריינגעפאָרן אין סוויר. דער לײדיקער שטח פּונקט דערלעבן, צו רעכטס צו, האָט פון תמיד געהערט די טאַרנאָפּאָלס. ר׳ שאַסקע האָט באַשלאָסן אַז דאָרטן וועט ער לאָזן בויען אַ נייעם רייכן ציגלנעם בנין וואו ער וועט וואוינען. כדי דאָס אויסצופּועלן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין האָט ער געדאַרפט ניט נאָר אויסגעבן אַלע נייע רווחים נאָר אויך לייען געלט ביי אַ ווילנער באַנק. בריינע־דאַנע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. וועלפקע סטראַטער האָט זיך אָנגענומען פאַרן באַלעבאָס. אַז בריינע־דאַנע איז געקומען מיט אים ריידן וועגן דעם, האָט ער איר גיך אָפּגעפטרט.

— פאַרוואוס זאָל ער ניש׳ באָוען אַז ער וויל באָוען? איבריקנס, וואוס דאַ׳ באַלבועס מאַכט מיט זאַהנע רעוואוכס אי׳ ניש׳ מאַהן אַיסיק ניש׳ דאַהן אַיסיק. אַז מ׳קריקט צאַך שוין וואוס מ׳זאָל מאַכן מיט רעוואוכס איז אַ סימן אַז ס׳גאַיט ווי ז׳דאַף צע זאַהן.

ס׳איז געוואָרן אַ נייע פּאָליטיק, די צוויי מענער קעגן דער איינאיינציקער פרוי. ביי בריינע־דאַנע׳ן איז דער גאַנצער ענין צובויען אַ ניי הויז געווען ניט מער ווי אויספּיינען זיך מיט געלט פאַר דער שטאָט.

בריינע־דאַנע האָט זיך געשעמט גיין אין גאַס. זי איז געזעסן מער און מער אַליין אין שטוב. וועלפקע סטראַטער האָט שוין פון לאַנג אַלצדינג געפירט אַליין. שאַסקע איז געווען אינגאַנצן פאַרטאָן מיטן נייעם הויז. ער איז געזעסן גאַנצענע טעג מיט די ווילנער אַרכיטעקטן, זיי געוויזן גענוי ווי אַזוי מ׳זאָל

מאַכן. די אומסימעטרישקייט וואָס איז אים ניט געווען געפעלן אין אייגענעם הויז ביים ראָג וועט ער שוין איינמאָל פאַרריכטן אין נייעם הויז צו רעכטס צו. אונטן וועלן זיין פיר פענצטער און צוויי טירן, אויסגעשטעלט סימעטריש: אַ פענצטער, אַ טיר, צוויי פענצטער, אַ טיר, אַ פענצטער. אויבן וועט זיין אַ טיר וואָס פירט אַרויס אויף אַ באַלקאָן און אַ פענצטער פון ביידע זייטן. ביי די סאַמע ברעגן אויבן, דאָרטן וואו דער דאַך הייבט אָן זיין באַלכסונדיקן שטייגן, וועלן זיין צוויי פיצינקע פענצטערלעך, ביידע פערפעקט דריי־עקיק, און אויבן פונקט אונטערן שפּיץ דאַך וועט זיין אַ דריט פענצטערל אַזאַ. דער סך־הכל: דריי טירן, זעקס פענצטער ריכטיקע, און דריי דריי־עקיקע פענצטערלעך פון שיינקייט וועגן. שאַסקע טאַרנאָפּאָל׳ס סימעטרישער בנין שטייט אין סוויר ביזן היינטיקן טאָג.

י

אין איינעם אַ זומער טאָג האָט וועלפקע סטראַטער זיך אומגעקערט קיין סוויר פון זיינער אַ רייזע אין בערלין. מיט אים איז געווען אַ נייע כלה, אַלט געווען אפשר פינף און צוואַנציק יאָר. זי איז געווען אַ גרושה אָן קינדער. ניט קיין מיאוסע, אַ געבאָרענע אין וואַרשע. זי האָט זיך אויפגעהאַלטן אין בערלין מיט איר משפחה עטלעכע חדשים אונטערוועגנס קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע מיט די עלטערן האָט זי בשום אופן ניט געוואָלט פאָרן. דער רב אין וואַרשע האָט איר אָנגעוואָרנט אַז ס׳איז אַ טריפהנע מדינה. וועלוול האָט זיך באַקענט מיט איר דורך דעם וואָס ער איז געוואָרן אַ פריינט מיט איר טאַטן וואָס פלעגט זיצן

לעבן אים אין בית־מדרש אין בערלין וואו ס׳פלעגן דאַוונען די „אָסטיודען״, דער עיקר גאַליציאַנער.

בריינע־דאַנע האָט זיך מיט דער כלה דערפרייט, האָדל ט׳מען איר גערופן. די חופה האָט מען געשטעלט אין אַ הייסן זומער טאָג, ניט מער ניט ווייניקער אויפן שפּיץ פון סווירער באַרג. דער סווירער רב, ר׳ בנימין־מלך, האָט מסדר קידושין געווען. ס׳איז געווען פריילעך. חיים־מאיר דער סווירער איז געווען אַ בכבודיקער גאַסט. מיט אַ קאַרעטע האָט מען אים אַראָפּגעבראַכט פון סווינציאַן.

אַ חודש נאָך דער חתונה איז בריינע־דאַנע געגאַנגען אויפן בית־עולם צו דער מאַמעס יאָרצייט. גייענדיק איז זי אַריינגעפאַלן אין אַן אַלטן ברונעם וואָס מ׳האָט לאַנגע יאָרן ניט גענוצט, לעבן סמאַרגאָנער גאַס, האַרט ביי דער אָזערע, דאָרטן ביי די חורבות פון די אַמאָליקע כאַטעס פון די פישערלייט. דאָס ברעטל איבערן ברונעם איז געווען פאַרפוילט און באַוואַקסן מיט מאָך און מיט גראָז. זי האָט געשריען מיט אַלע כוחות. מ׳האָט גלייך געבראַכט צו פירן די צוויי שטאַרקסטע פערד אין שטאָט. צו די ביידע פערד האָט מען צוגעטשעפּעט שטריק. אַ גוטהאַרציקער פישער, אַנטאָני, האָט זיך איינגעשטעלט, געבעטן מ׳זאָל אים אַראָפּלאָזן אין ברונעם אַריין נאָך דער יידישער פרוי וואָס אַלע האָבן אַזוי ליב געהאַט, די יידן אַזוי ווי די קריסטן. איין שטריק איז געווען צוגעטשעפּעט צו אים. די צווייטע האָט ער געהאַלטן אין האַנט, אויף אַרויפצוציען בריינ־קע׳ן. ס׳איז אָבער געווען פאַרפאַלן. דעם שטאַרן, אויסגענעצטן קערפּער האָט אַנטאָני אַרומגעבונדן מיט דער צווייטער שטריק און ביידן צוזאַמען האָבן די פערד אַרויפגעשלעפּט, דעם וויינענדיקן אַנטאָני מיט דער טויטער בריינע־דאַנע.

אויף מאָרגן האָט גאַנץ סוויר באַגלייט בריינע־דאַנע׳ן צו איר קבר, האַרט לעבן דער מאַמעס. איין יאָרצייט האָבן זיי ביידע געהאַט. יעדערער האָט געוואָלט מספּיד זיין. דער סווירער גלח האָט געזאָגט דעם רב ער וויל קומען ריידן אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פרוי וואָס האָט אויך זיינע קינדער אויסגעשטריקט אַזויפל בלויע בגדים. די לוויה האָט זיך פאַרצויגן. מ׳איז געבליבן אויפן בית־עולם ביז פאַרנאַכט. ביי דער שקיעה האָבן וואָראָנעס געקראַקעט. וואַראַבייטשיקעס האָבן געצוויטשעט. די וואַסער־פייגל איבער דער אָזערע האָבן געמיאַוקעט ווי קעץ. נאָר די פלעדערמייז, וואָס האָבן תמיד געטומלט פאַרנאַכט צווישן די פלעדערמויז־ביימער, האָבן געשוויגן, אַ סימן אַז אויך זיי טרויערן.

ר׳ שאַסקע טאַרנאָפּאָל האָט געלאָזט שטעלן אַ מצבה וואָס איז געווען אַנדערש איידער אַלע אַנדערע מצבות. אַ פּערפעקטער דריי־עק איז עס געווען, אַן איבערגעקערטער סגל.

לאַנגע יאָרן האָט סוויר געטרויערט נאָך בריינע־דאַנע׳ן, נאָך דער קלוגער פרוי וואָס איז אייביק־פאַרליבט־אין־בלוי און וואָס ליגט, ביז משיח וועט קומען, אויפן סווירער בית־עולם געריגנלט אויף דריי זייטן פון דער בלויער סווירער אָזערע.



# דער יידישער קאַלייד

דריי מאָל האָט דער מאָדערנער קוקו זייגער געקלונגען.
— נו מאָרט, ס'איז שוין נאָך דריי אַזייגער! טאָ וואו זיינען זיי, דיינע זייער טייערע קרובים וואָס אָן זיי קען מען ניט לעבן? — האָט אַ גרילץ געטאָן זיין ווייב פּעלישיאַ. מאָרטאָן האָט אויסגעזען אַ סך ייִנגער ווי זיינע צוויי און זעכציק יאָר. ער איז געווען אַ זעלטן שיינער, מיט אַ יונגן קערפּער און אַ געדיכטן קאָפּ שניי־ווייסע האָר. געווען איז מאָרטאָן ניט מער ניט ווייניקער, דער אַמעריקאַנער חלום. מיט פערציק יאָר פריער האָט ער געקראָגן אַ שטיקל אַרבעט אַלס שיק־ייִנגל ביי אַ גרויסער פירמע מעקלער אויף דער בערזע אין וואָל סטריט, זיך ביסלעכווייז אויפגעאַרבעט און סוף כל סוף געוואָרן — פּרעזידענט פון דער פירמע. יעדן אינדערפרי פלעגט ער צוויי שעה לויפן פון געזונט וועגן. מיט דער גאַנצער אַמעריקאַניש־קייט האָט ער ליב געהאַט ריידן יידיש און צונויפטרעפן זיך מיט די קרובים זיינע וואָס זיינען געבליבן אין שטאָט. מער פון אַלע — מיטן עלטסטן ברודער אָסיפּ.

פּעלישיאַ האָט קיין ברירה ניט געהאַט, זי האָט זיי אַלעמען געמוזט אויפנעמען. אַזוי וויל מאָרטאָן. דאָס איז עס און פּאַרטיק. אַליין אַ דיקלעכע, אַליין פון אַן אָרעמער יידישער

משפחה אין די בראָנקס, פלעגט זי פאַרבן די האָר אַ קאָליר וואָס איז צווישן אַזאַ בלאָטעדיקן ברוין און אַ גלענצנדיקן זילבער. אַלעמאָל איז ביי איר געווען אַ פאַרקילונג. וואו פעלישיאַ דאָרט אַ נאָזטיכל.

— זיי׳לן באַלד קומען, וואָס איז וויכטיק, נאָך אַ פּאָר מינוט? — האָט איר מאַרטאָן באַרואיקט. ער איז געווען צופרידן וואָס באַלד דאַרף קומען אָסיפּ, זיין עלטסטער ברודער, דער איינציקער אין דער משפחה וואָס איז געבליבן „אַן אייראָפּע־אישער ייד". מיט אים האָט מען געקענט טרינקען אַ לחיים און פאַרברענגען ווי אַמאָליקע יאָרן. אָסיפּ האָט נאָך געלערנט אין אַ ישיבה אין אייראָפּע. ער איז געווען אַ קאָמפּאָזיטאָר, אויך אַ לערער פון יידישער מוזיק אין ניו־יאָרק, האָט אַרויסגעגעבן ביכער איבער דער טעמע. ער האָט שיין געשפּילט אויפן פידל ניגונים פון אַמאָל.

פעלישיאַ האָט ווי ניט איז טאָלערירט אָסיפּן, אַפילו די ווייב זיינע רחל, אַ מאָלערין. זי האָט אָבער ניט געקענט פאַרטראָגן אָסיפּס זון, אהרן, אַ שטיקל פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע ערגעץ אין קאַנאַדע, וואָס האָט גערעדט סיי צו הויך סיי צו שאַרף און וואולגאַר פאַר אירע אויערן, דערצו נאָך מיט אַ שפּעציאַווונעם ברוקלינער אַקצענט. היינט האָבן געדאַרפט קומען ניט נאָר אָסיפּ, רחל מיט אהרן, נאָר אויך צוויי פריינט אהרנס. אַז אהרן ברענגט זיי, ווער קענען זיי שוין זיין?

אַחוץ דעם האָט געדאַרפט קומען דאָראָטי, מאַרטאָנס טראַגישע עלטערע שוועסטער, מיט וועמען ער און פעלישיאַ האָבן זיך שטענדיק געקריגט, ביטערע קריגערייען, מיט די ערגסטע ווערטער. אהרנס ערגסטער שטריך אין פעלישיאַ׳ס אויגן איז דאָס וואָס ער האָט זיך נאָענט געהאַלטן מיט זיין

מומע דאָראָטי (ער האָט איר גערופֿן ביים יידישן נאָמען, דוואָסיע). פעלישיאַ פלעגט פרעגן, ווער האָט געהערט אַזאַ מין זאַך, אַ יונגער בחור זאָל גיין באַזוכן די אַלטע מומע און אָננעמען זיך פאַר איר אין די קריגערייען? איינמאָל האָבן פעלישיאַ מיט מאָרטאָן ספעציעל פאַרבעטן אהרנען אַליין, ווען ער איז נאָך געווען אַ סטודענט אין ניו־יאָרק, אים פּרובירט איבערצייגן אַז די דאָראָטי איז אַ פאַסקודסטווע. דער בחור איז אָבער געבליבן איינגעעקשנט, האָט ליב געהאַט דאָראָטי׳ן, האָט רחמנות געהאַט אויף דער אַלטער עלנטער פרוי וואָס האָט קיינעם ניט פון זינט איר מאַן, אַן אַטלעט וואָס איז געווען געזונט ווי אַן אייזן, איז פּלוצלונג געשטאָרבן אין סאַמע יוגנט ווער ווייס מיט וויפל יאָר צוריק.

נאָר איין טרייסט איז היינט געווען פאַר פעלישיאַ׳ן, וואָס ס׳דאַרפן קומען פון קאָנעטיקאָט צוויי ריכטיק אַמעריקאַנער קרובים, מאָרטאָנס אַ פּלימעניק טעדי און זיין ווייב באַבי. זיי זיינען גוט מיט אַלע, מישן זיך ניט אין קריגערייען. נאָרמאַלע מענטשן.

געווען איז עס קאַלייד נאָכמיטיק. קאַלייד איז דער גרויסער קריסטלעכער יום־טוב וואָס הייבט זיך אָן ערב דעם פינף און צוואַנציקסטן דעצעמבער. ביי טייל יידן הייסט עס „ניטל". ביי אַמעריקאַנער יידן הייסט עס פּראָסט און פּשוט „קריסמעס" און אַמאָל אויך געלעכטער אויך — „קראַצמאַך".

מאָרטאָן און פעלישיאַ זיינען פאַרשטייט זיך יידן. און ביי יידן איז פאַרשטייט זיך ניטאָ קיין קאַלייד. פאַרבעטן צו זיך די משפּחה גראַדע דעם טאָג קען אָבער קיינעם קיין שלעכטס ניט טאָן. פאַרקערט, דער שכל טראָגט אוים אַז מ׳דאַרף אַזוי מאַכן. יעדער איינער איז פריי פון דער אַרבעט דעם טאָג, איז איינמאָל

אַוועק. די ניט־יידישע פריינט קומען זיך אַלע צוזאַמען און פרייען זיך אויף וואָס די וועלט שטייט, טאָ וואו שטייט געשריבן אַז יידן דאַרפן זיצן אַליין און וויינען? ביי די גוים איז דאָ אַ קאַלייד־בוים, די יאָלקע, טאָ ווען דאַרף עס אַרן אַז יידן וועלן זיך טרעפן אָן אַזאַ בוים? מיט אַ בוים, אָן אַ בוים, זיצן אַליין אַז אומעטום איז יום־טוב איז ניט קיין גאַנג.

די קאַהאַנאָווס האָבן געוואַרט. אין דער היים האָט מאַרטאָן געציטערט פאַר פעלישיאַ׳ן. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס ביי דער אַרבעט האָט ער געהאַט געליבטע ניט צו פאַרזינדיקן, יונגע מיידלעך מיט קורצע קליידלעך און ברייטע שמייכלען. אים פלעגט געפעלן ווערן עקזאָטישע מיידלעך, קאָרעאַנישע, אינדאָנעזישע, אַפריקאַנישע. מער פון אַלע האָט ער ליב געהאַט זיין כינעזישע סעקרעטאַרשע וואָס מ׳האָט גערופן פאַרקירצטערהייט „טי". טי איז ניט געווען קיין יונגע מיידל מיט אַ קורץ קליידל. זי איז געווען אין זיינע יאָרן, אַ זעלטן איידעלע רואיקע פרוי וואָס עס איז געווען אַ פאַרגעניגן זיין אין איר אָנוועזנהייט. ס׳איז געווען אַ מין פאַרשטענדעניש צווישן מאַן און ווייב, אַז ביי דער אַרבעט טוט ער וואָס ער וויל, אין דער היים איז זי די באַלעבאָסטע. ער האָט פאַרזיכערט זיין ווייב אַז באַלד ווי מ׳עט קומען וועט ער זיי שוין אַלעמען אַריינזאָגן וואָס זיי האָבן פאַרשפעטיקט. פעלישיאַ איז געגאַנגען מיט אַ קורץ געשאָרענער פריזור וואָס האָט איר ניט געפאַסט. ס׳איז געווען די אייגענע פריזור וואָס מיט איר איז געגאַנגען די כינעזישע סעקרעטאַרשע ווען ס׳האָט יאָ געפאַסט.

דאָס גרויסע, רייכע הויז איז געשטאַנען אין אַ גביריש שטעטל „גרעיט נעק" (דאָס מיינט דאַכט זיך „גרויסער האַלדז") אין לאָנג איילענד, ניט זייער ווייט פון ניו־יאָרק. ווי גרויס דאָס

הויז איז ניט געווען אַז מ׳האָט עס געבויט איז דאָס ניט געווען געגנוג. דאָס הויז איז אויסגעוואַקסן. אַלע פּאָר יאָר פּלעגט פּעלישיאַ לויפן אויפסניי צו די אַרכיטעקטן, זיצן מיט זיי גאַנצענע טעג ביי די „פּלענער" ווי און וואו צוצובויען צום הויז. אונטערן קעלער נאָך אַ קעלער. איבערן דאַך נאָך אַ שטאָק. און מער פון אַלצדינג איז אויסגעקומען צובויען „עקסטענשאָנס", דער אונטערשטער שטאָק זאָל וואַקסן אין דער ברייט. אַלץ מער דערפאָלג מאָרטאָן האָט געהאַט ביי דער אַרבעט, אַלץ מער צימערן האָט פּעלישיאַ צוגעבויט צום לאָנג-איילענדער פּאַלאַץ.

מ׳טאָר אָבער ניט מיינען אַז דאָס אַלץ האָט פּעלישיאַ געלאָזט צובויען סתם אויסצופּיינען זיך מיט געלט, דאָס וואָלט געהייסן אַרויסגעוואָרפענע געלט. בויען דאַרף מען מיט שכל און פאַרשטאַנד. דורכן צובויען גיט מען יעדן צימער אַ תכלית און ס׳בלייבט ניט קיין תהו ובהו. מ׳שאַפט באַזונדערע אָפּטיילונגען אין הויז פאַר אַלערלייאיקע געסט. אַזוי אַרום ווערט דער שיינער אַלטער אָריגינעלער סאַלאָן מיטן ציגלנעם קוימען און מיט די געדיכטע פורפלנע טאַפּעטן בלייבן פאַר הויכגעשעצטע געסט, חשובים, גבירים אדירים פון וואָל סטריט. וואָס פאַרא פּנים וואָלט עס האָבן אַז די זשלאָבעס פון מאָרטאָנס משפּחה זאָלן מעגן אַריין און מאַכן אַ תל פון אָטאָ דעם צימער? נאָר איין שינוי האָבן די אַרכיטעקטן דאָרטן אַריינגעטראָגן. זיי האָבן צוגעבויט אַ קליין צימערל פון יענער זייט קוימען, מיט צוויי אַריינגאַנגען פון ביידע זייטן פריפּעטשיק. אַ קוימען וואָס מ׳זעט מערניט פון איין זייט טרעפט מען דאָך ביי יעדן. דאָ איז אַ קוימען אַרום וועלכן מ׳קען מאַכן הקפות. אין קליינעם צימערל פון יענער זייט קוימען איז געווען אַ שוואַרצע סאָפע, געמאַכט פון לעדער וואָס מ׳האָט אימפּאָרטירט פון קעניע. דאָס איז

געווען דאָס אָרט וואו מ'האָט געקענט אַריינפירן אויף אַ מינוט וויכטיקע געסט און ריידן מיט זיי אַ וואָרט. מסתמא דאַרף דאָס הייסן „הינטערן אויוון" נוסח אַמעריקע.

דער עלעגאַנטער עס־זאַל איז געווען פאַר מיטלשטאַנדיקע געסט.

אין די קעלער צימערן, אין „בעיסמענט" הייסט עס, האָט מען אויפגענומען אינטימע פריינט פון גרעיט נעק גופא. דאָרטן זיינען געווען טישן אויף פינג־פאָנג, פאַרשידענע מאַשינען אויף צו מאַכן איבונגען, אויך אַן אונטערערדיש פעלד אויף מיניאַטורן־גאָלף.

אַ גרויסן „עקסטענשאָן" האָט מען צוגעבויט ספּעציעל פאַר מאָרטאָנס משפחה (איר איינענע משפחה האָט פעלישיאַ ניט אַריינגעלאָזט איבערן שוועל). צוזאַמען מיט די אַרכיטעקטן האָט פעלישיאַ אַלצדינג צוגעטראַכט. די ווענט — ציגלנע, די קרובים זאָלן ניט שמוציק מאַכן קיין געפאַרבטע ווענט. דער טיש — אַ גלעזערנער, די קרובים זאָלן ציטערן איבערן טיש, זיי זאָלן עס ניט צעברעכן. פון דער סטעליע איז געהאַנגען אַ קאָמפּליצירטער הענג־לייכטער זייער נידעריק, אַזוי אַז זיי זאָלן ציטערן ניט צעהאַקן דעם קאָפּ דערין, צי נאָך ערגער, אָנטאָן שאָדן די הונדערטער גלעזערנע צאַצקעלעך וואָס זיינען פון לייכטער געהאַנגען. הינטערן טיש ביי דער וואַנט איז געווען אַ לאַקירטע איינציקע הילצערנע פּאָליצע וואָס האָט אַרויסגע־שטאַרצט פון וואַנט. דאָרטן האָט פעלישיאַ אויסגעשטעלט קעסטלעכע צאַצקעס, דער עיקר פּאָרצעלייענע אייער, אויך אַרכעאָלאָגישע אַנטיקל־זאַכן פון ארץ ישראל. אַז מ'איז ניט קיין באַלעט טענצער איז ניט געווען אַזוי פּשוט אַריינרוקן זיך צווישן טיש און פּאָליצע. סיי מ'האָט געקענט כאַפּן אַ שטאָך אין די

ריפּן, סיי מ׳עט געציטערט אַז מ׳עט צעברעכן די טייערע שמאָנצעס וואָס שטייען דאָרטן אויסגעשטעלט עלעהיי זיי וואָלטן אַ שריי אויס געטאָן:

— נאַרעלע, וואָזשע שווייגסטו? צעברעך!

נאָך וויכטיקער ווי דער צימער גופא איז אָבער געווען זיין פּאָזיציע אין הויז. אַריין און אַרויס פונעם משפּחה־צימער האָט מען געקענט נאָר דורך דער קיך. פון קיך האָט מען צוגעבויט אַ נייע טיר וואָס פירט אינדרויסן פון דער זייט פון הויז, ביי די גאַראַזשן (געווען אַמאָל צוויי גאַראַזשן, נאָר איינעם האָט מען מקריב געווען אויף צוצובויען דעם עקסטענשאָן פאַר מאָרטאָנס קרובים). אַ סימן אַז אָטאָ די געסט דאַרפן אַריין ביי דער זייט דורך דער קיך. אין אַ טאָג ווען מ׳דערוואַרט זיי, זאָל עמעצער שטיין און קלאַפּן אין דער פאָדערשטער טיר, וועט ער קלאַפּן און מ׳עט אים הערן ווי דעם קאָטער.

ב

אַ פערטל נאָך דריי איז געווען אַ קלאַפּ אין דער טיר פון קיך. פעלישיאַ האָט אַ שריי געטאָן:

— ס׳איז אָפן! וואָס קלאַפּט איר?

די ערשטע זיינען אַריין דער עלטסטער ברודער אָסיפּ, זיין ווייב רחל און זיין זון אהרן. אָסיפּ, ער איז געווען אין די זיבעציקער, האָט זיך געהאַלטן יונג און ענערגיש. ער האָט דערלאַנגט זיין ברודער אַ וואַרעמע האַנט:

— מלך, וואָס מאַכסטו? וואונדערלעך וואָס מ׳זעט זיך! נו, גיב אַ האַנט! פעלישיאַ, וואָס מאַכסטו?

אָסיפּ האָט דעם נאָמען „מאָרטאָן" ניט געקענט ברענגען פאַר די ליפּן. מלך! פּעלישיאַ האָט געמוזט אַ קוש טאָן אָסיפּן, דאָס איז איר ניט אָנגעקומען גרינג. ביי אָסיפּן איז געווען אמתע טיפע פרייד וואָס די משפּחה טרעפט זיך. אַזויפיל יאָר נאָכדעם ווי מ'איז אַוועק פון שטעטל באַלד נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, האַלט זיך די משפּחה צוזאַמען. פון די ברידער און שוועסטער איז בלויז מאָרטאָן, דער יינגסטער, געבאָרן געוואָרן אין אַמעריקע.

אָסיפּ איז אַריין מיט רחלען, זיין ווייב, און אהרנען, זיין זון. אהרן איז געקומען פון קאַנאַדע. זאַלבעדריט האָבן זיי געטראָגן אין זיך עפּעס פון קאַריקאַטור. וויפל דער ניט-יונגער אָסיפּ איז געווען יונג, שלאַנק, פלינק, מיטלוואוקסיק, איז זיין ווייב געווען קליין און דיק, זיין זון — הויך און דיק. קוקנדיק אויף זיי האָט מען באַלד דערקענט אַז דער מאַן איז אַ פריילעכער, די ווייב איז אַ נערוועזע און דער זון איז אַ נערוועזער וואָס מאַכט זיך אַז ער איז אַ פריילעכער, נאָר ס'העלפט אים ניט. אהרן האָט תמיד געפּרואווט אַלעמען פריילעך מאַכן, פאַרוויילן דעם עולם. ער האָט טאַקע פאַרוויילט אָבער מ'האָט געזען אַז זיין פרייד איז אַ געמאַכטע. דעם טאַטנס פרייד איז געווען אַן עכטע, זיינע אַ געשפּילטע. עפּעס דער מאַמעס אַ קינד וואָס וויל נאָר זיין דעם טאַטנס אַ קינד.

מיט זיי אין מאַשין איז אויך געקומען מאָרטאָנס שוועסטער דאָראָטי. אהרן האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ער וועט ספּעציעל פאָרן אין ניו-יאָרק איר אָפּנעמען. פּעלישיאַ'ן האָט דאָס פאַרדראָסן. איר פלעגט געפעלן ווערן אַז אַלע זאָלן קומען מיט מאַשינען און דאָראָטי זאָל דאַרפן קומען מיט דער באַן. דאָראָטי, שוין אין די זיבעציקער (זי איז געווען אינגאַנצן צוויי

יאָר יינגער פֿאַר אָסיפֿ) איז געווען זייער אַ שלאַנקע. דאָס פּנים איז געוואָרן אַלט, דער קערפּער איז אָבער געווען פֿון אַ יונגער מיידל. אין גאַס פֿלעגן יונגע בחורים מיינען, אַז זיי האָבן איר דערזען פֿון הינטן, אַז ס'איז אַ יונגע שיינהייט. זי האָט געטראָגן שטייפֿע שוואַרצע הויזן, אַ שטייפֿע שוואַרצע בלוזקע, אַ סך שמינקע. אירע שוואַרץ געפֿאַרבטע האָר זיינען געווען קורץ געשאָרן. מאַרטאָן האָט שטילערהייט געזאָגט אָסיפֿן:

— קוק נאָר אויף דוואָסיע. ווי אַ שוואַרצע שפּין זעט זי אויס! מ'קען ברעכן!

— נו, ס'איז וואונדערלעך אַז מ'טרעפֿט זיך אַלע.

אָסיפֿ האָט אַלץ אויסגעמיטן וואָס קען פֿירן צו אַ קריג. פֿון יענעם עק קיך האָט דאָראָטי געקוקט אויף זיי מיט ביטערע אויגן. זי האָט ניט געהערט. זי האָט אָבער ג ע ו ו א ו ס ט אַז מ'לאַכט פֿון איר אָפּ.

פֿעלישיאַ האָט דאָראָטי'ן קיין וואָס מאַכסטו ניט אָפּגעגעבן, נאָר געפֿרעגט בייזלעך:

— פֿאַרוואָס האָסטו מיר ניט געלאָזט וויסן אַז דו קומסט מיט זיי? איך האָב ספּעציעל טעלעפֿאָנירט אין דער סטאַנציע אויסגעפֿינען וועגן דיין באַן!

— פֿאַרוואָס זאָל איך פֿאָרן מיט דער באַן אַז אהרן איז מיר געקומען נעמען?

ס'האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט ביז מ'האָט באַמערקט אַז ס'איז דאָ צוויי פֿרעמדע געסט. דאָס זיינען די צוויי יונגע קריסטן,ביידע ענגלענדער פֿון לאָנדאָן, וואָס אהרן האָט זיי באַגעגנט דאָרטן אין קאָלעדזש אין קאַנאַדע וואו ער איז געווען אַ לערער. אַמיליאַ איז געווען אהרנס מיידל, זי איז געקומען באַקענען זיך מיט דער משפּחה צום ערשטן מאָל. דער צווייטער,

קליפּ, איז געווען אהרנס אַ געוועזענער סטודענט.ביידע האָבן זיי אין פרעמדן לאַנד ניט געהאַט וואוהין זיך אַהינטאָן יענעם קאַלייד. ביידע האָבן ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל פאַרזיכערט אהרנען אַז ניט נאָר וועט זיי ניט פאַרדריסן וואָס זיי פאַרברענגען ניט מיט קריסטן וואו מ׳פּראַוועט קאַלייד כדבעי, כהלכתה, פאַרקערט זיי וועט זיין טשיקאַווע זיין דאָסמאָל ביי יידן.

אַלע האָבן גענומען ריידן צו די צוויי ניט־יידן, מ׳עט זיי באַלד גענומען אויפן צימבל. ווער ביסטו? ווי אַלט ביסטו? וואָס מאַכסטו דאָרטן אין קאַנאַדע? דו ביסט צום ערשטן מאָל אין גרעיט נעק? צום ערשטן מאָל אין ניו־יאָרק!?

אין צימער האָט זיך געפילט דער האַס צווישן מאָרטאָנס ווייב פעלישיאַ און זיין שוועסטער דאָראָטי. זיי זיינען אויף מעסערשטעך געווען פערציק יאָר, מ׳קען אפילו זאָגן אַז פון דער ערשטער מינוט ווען זיי האָבן איינע די אַנדערע דערזען צום ערשטן מאָל. פעלישיאַ האָט געהאַלטן אַז דאָראָטי וויל נאָר אַז מאָרטאָן זאָל מיט איר פאַרברענגען מער צייט, אַזוי ווי דאַמאָלסט אַז איר מאַן איז געשטאָרבן, און מאָרטאָן איז געווען צו איר ווי אַ מלאך. דאָראָטי האָט שוין מער קיינמאָל ניט חתונה געהאַט. פעלישיאַ האָט אַלעמען דערציילט אַז דאָראָטי איז משוגע, זוכט נאָר צו מאַכן קריגערייען. דאָראָטי איז אָבער ניט געווען פון די שוואַכינקע אלמנות וואָס שרעקן זיך אַזוי גיך איבער. זי האָט באַשולדיקט פעלישיאַ׳ן אַז יענע קען איר ניט מוחל זיין וואָס דאַמאָלסט האָט זיך מאָרטאָן געהאַלטן נאָענט מיט איר, דאָראָטי׳ן. זי האָט אַלעמען דערציילט אַז פעלישיאַ האָט „געפּאַקט״ מאָרטאָן ווען ער איז געווען יונג און נאַאיוו, און אַז ער האָט מיט איר חתונה געהאַט דערפאַר ווייל זי האָט

געוואוינט נענטער ווי די אַנדערע חברטעס און באַלד נאָך דער חתונה האָט זי אים געצוואונגען דערוווייטערן זיך פון זיינע עלטערן. איר, מיס אַמעריקאַ, האָט ניט געפּאַסט פאַרברענגען מיט גרינהאָרנס.

סיי פּעלישיאַ סיי דאָראָטי האָבן געוואָלט מערניט איין זאַך דערלעבן: די אַנדערע זאָל כאַפּן אַ פּאָפּלעקסיע און זאָל ליגן קראַנק און אומבאַהאָלפן אין אַ שפּיטאָל, אַן אַנשטאַלט צי אַ מושב זקנים, און קומען באַזוכן איר מיט געמאַכטער סימפּאַטיע און שיינע מתנות. דאַן וועט קלאָר זיין ווער איז די זיגערין, ווער די פאַרשפּילערין. ביז דאַמאָלסט איז — מלחמה.

אַלע זיינען געשטאַנען אין קיך. דאָראָטי האָט אויף אַ הויכן קול געגעבן אַ פרעג:

— וואָס שטייען מיר אַלע אין קיך? לאָמיר זיך אַוועקזעצן ביים טיש!

— ניין, מיר וואַרטן אויף טעדי און באַבי — האָט איר געענטפערט פּעלישיאַ.ביידע האָבן געקוקט צו דער סטעליע אַז זיי האָבן גערעדט איינע מיט דער אַנדערער. דאָראָטי האָט באַלד צוריקגעשאָסן:

— ווער דאַרף זיי דאָ האָבן? זיי זיינען ניט קיין אמתע משפּחה!

— ביי מיר אין הויז וועל איך איינלאַדן וועמען איך וויל. שוין צייט דו זאָלסט עמעצן בכלל איינלאַדן, וואוינסט דאָך אין אַ שיינער דירה אינמיטן ניו־יאָרק. אַז דו וועסט איינלאַדן וועסט ברענגען וועמען ד ו ווילסט.

— אָך! פּליז! דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט! ווי קען איך איינלאַדן? איך וואוין איינע אַליין, אַ פרוי אינמיטן ניו־יאָרק! דו וועסט דאָס קיינמאָל ניט פאַרשטיין וואָס איך לייד טאָג איין טאָג

אוים. די עלנט! די איינזאַמקייט! גאָט צו דאַנקען, דיר איז ניט אויסגעקומען איבערלעבן אַזאַ שרעקלעכע עלנט. וואו וועל איך גיין איינלאַדן? — — — פֿאַרוואָס איז אַזוי היים דאָ? מ׳קען שטאַרבן! איך קען ניט אָטעמען. לאָמיר עפֿענען אַ פֿענצטער.

דאָראָטי׳ס יונגער פֿריינט אהרן האָט זיך פֿאַר איר אָנגענומען און דערוויילע פּרובירט מאַכן פֿריילעך:

— ס׳איז טאַקע שרעקלעך היים. נאָר צו וואָס עפֿענען אַ פֿענצטער? דאָ שטייט אַ גרויסער לופֿט־קילער, אַ סעקונדע נאָר, איך גיי עם אָנצינדן.

— ריר דאָס ניט אָן! — האָט אַ שריי געטאָן פֿעלישיאַ. — ס׳איז פֿאַרמאַכט אויפֿן ווינטער און פֿאַרדעקט פֿון דרויסן. אַלצדינג דאַרף ער צעברעכן!

— ווילדע מענטשן! — האָט זיך מאַרטאָן אַריינגעמישט, שוין מיט אַ פֿריינטלעכן, סאַטירישן טאָן. — אינדרויסן איז פֿיר גראַד אונטער זעראָ. פֿיר אונטער זעראָ! מ׳האָט געזאָגט היינט אויף דער ראַדיאָ אַז ס׳איז דער קעלטסטער קריסמעס אין זעכציק יאָר. קומט מען צו גיין אין אַ הויז און מ׳שרייט אַז ס׳איז היים! אָסיפֿ, דו האָסט ווען געהערט אין דיין לעבן אַזאַ מעשה?

— וועל, ס׳איז וואונדערלעך וואָס מיר קומען זיך אַלע צוזאַמען און מיר פֿאַרברענגען. וואָס דאַרף מען ריידן, לאָמיר מאַכן אַ לחיים. לחיים מלך! לחיים פֿעלישיאַ! לחיים דוואָסיע! לחיים רחל! לחיים אהרן! לחיים אַמיליאַ און לחיים קליף! יעדער איינער דאַרף אַ קלאַפּ טאָן. אַלע צוזאַמען: לחיים!

מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן אין קיך די לעצטע געסט, טעדי און באַבי פֿון קאָנעטיקאָט. פֿעלישיאַ האָט אַלעמען גערופֿן אַוועקזעצן זיך ביים גרויסן גלעזערנעם טיש וואָס אין דעם „עקסטענשאָן״, אַלע געוויזן אַוואו מ׳זאָל זיך זעצן. דאָראָטי

האָט זיך באַקלאָגט אַז פּעלישיאַ האָט איר געגעבן אַ שטול מיט אַזאַ ברעט מיט אַ כיוון עס זאָל איר ווי טאָן די פּלייצע. פּעלישיאַ האָט גענומען צוטראָגן פון אויוון די מאכלים וואָס ס׳האָט פריער צוגעטראָגן דער גרויסער יידישער דעליקאַטעס אין שכנותדיקן שטעטל ליטל נעק (ס׳מיינט דאַכט זיך „קליין העלדזל״). ביים אויבנאָן איז געזעסן אָסיפּ, דער עלטסטער, לעבן אים צו לינקס די שוועסטער דאָראָטי, צו רעכטס, מאָרטאָן.

ג

מ׳האָט גענומען עסן און ס׳איז געוואָרן פריילעך. די ברידער, אָסיפּ און מאָרטאָן, די שוועסטער דאָראָטי, און אָסיפּס זון אהרן האָבן געטרונקען משקה. די באַלעבאָסטע פּעלישיאַ, אָסיפּס ווייב רחל, און די צוויי קוזינעס פון קאָנעטיקאָט, טעדי און באַבי, האָבן געטרונקען מאַראַנצן־זאַפט. די צוויי יונגע ענגלענדער האָבן געטרונקען ביר. מאָרטאָן האָט זיי צוגעטראָגן צום טיש זעקס פּושקעס אירלענדער ביר פון כאַלאָדילניק.

טעדי האָט אַ קוק געטאָן אויף אהרנען, וואָס האָט אויסגעזען אַ סך עלטער ווי זיינע זיבן און צוואַנציק יאָר, מיט זיין ריזיקן בויך, זיין דיקן פּנים, זיינע מער ווי האַלב גרויע האָר וואָס האָבן דערצו נאָך געהאַלטן אין אויסקריכן, די שיטערע ציינער. ער האָט אהרנען וואוילעריש אַ פרעג געטאָן:

— אהרן, איין זאַך וויל מען אַלע וויסן. ווי אַזוי קומט צו דיר אַזאַ שיינע מיידל ווי אַמיליאַ? וואָס זעט זי אין דיר? וואו האָסטו איר געפונען?

אהרן האָט שטאַרק הנאה געהאַט וואָס מ׳גיט אים די

מעגלעכקייט צו פֿאַרוויילן און האָט גלייך גענומען פּלוידערן אויף זייער אַ הויכן קול, עלעהיי ער איז אַריינגעפֿאַלן אין עקסטאַז פֿון דער אייגענער חכמה.

— ס׳געווען אַזוי. דריי חדשים האָב איך ניט געהאַט קיין מיידל. האָב איך געשטעלט אַן אַנאָנס ביי אונדז אין דער לאָקאַלער צייטונג דאָרטן לעבן אוניווערסיטעט. וואָס פֿאַר אַן אַנאָנס? זאָל איך אייך אַלעמען דערציילן וואָס איז געשטאַנען אין אַנאָנס? גוט. אין אַנאָנס איז געשטאַנען אָט וואָס: „דיקער, נעוראָטישער, ברוקלינער ייד וואָס עס קריכן ביי אים אויס די גרויע האָר, זוכט אַ שיקסע אַ שיינהייט מיט וועמען צו לערנען די יידישע קולטור״. וואָס איז געווען? מ׳איז געקומען פֿון אומעטום. יעדע מיידל האָב איך געמאַכט אַן אינטערוויו און אויסגעקליבן אָטאָ די מזלדיקע אַמיליאַ. איאָ, אַמיליאַ, אַזוי איז געווען צי ניט?

— רייד ניט אויף אַזאַ הויכן קול — האָט אַ שריי געטאָן פּעלישיאַ, — דאַרפֿסט אונדז אַלעמען ניט געבן קיין קאָפּווייטיק!

אַמיליאַ האָט זיך פֿאַררייטלט אויף אַ רגע, ס׳איז אָבער געווען נאָך אַ פּאָר גלעזער ביר און זי האָט אויך געוואָלט האָבן אַ ביסל שפּאַס.

— איך בין געקומען צו גיין און איך האָב אים גלייך אויסגעבעסערט אַז מ׳דאַרף זאָגן „שיקסטע״, ניט „שיקסע״. ער האָט מיר אויסגעקליבן און איצטער בין איך דאָ אין ניו־יאָרק.

דער עולם האָט גענומען לאַכן, ריידן, פּלוידערן, הוליען. שטילערהייט האָט אַמיליאַ אַ זאָג געטאָן אהרנען:

— זע ווי פֿיין ס׳איז דאָ. פֿאַרוואָס האָסטו מיר געזאָגט אַז אַלעמאָל איז דאָ אַ קריג ווען מ׳קומט צו דיין פֿעטער אין גרעיט נעק?

אהרן האָט איר געמאַכט אַ סימן מיט אַ פינגער וואָס הייסט „וואַרט צו אַ מינוט". אַז ס'איז געוואָרן אַ ביסל שטילער האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— איין זאַך וויל איך וויסן! די פאַמיליע איז געווען רייך אָדער אָרעם אין אייראָפּע?

ס'איז געווען ווי מ'וואָלט אַריינגעוואָרפן דורכן פענצטער אַ באָמבע. אָסיפּ האָט גענומען דאָס ערשטע וואָרט:

— איך געדענק דאָך, איך בין דאָך עלטער פאַר אייך אַלעמען. מ'איז געשטאָרבן פאַר הונגער אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט מלחמה. און אַז ס'איז געווען גוטע צייטן איז אויך געווען נאָר בולבעס. ס'איז געווען אַ קליין אָרעם שטעטעלע. אין אונדזער שטיבעלע איז געווען אַן ערדענע פּאַדלאָגע.

דאָראָטי איז געוואָרן ווילד:

— אוי, הער אויף! איך קען ניט פאַרטראָגן אַז דו זאָגסט ליגן! מיין זיידע, אָסיפּ רופט אים „אהרן־וועלוול", זיין ביזנעס־נאָמען איז געווען וואולף גובערסקי! ער איז געווען זייער רייך, האָט געהאַט אַ גרויסע ביזנעס פון עקספּאָרטירן האָלץ. אַלע האָבן אים געקענט אַלס גביר אין שטעטל.

אָסיפּ און מאָרטאָן האָבן גענומען לאַכן. מאָרטאָן האָט גענומען אַ וואָרט:

— יע, שור, ראָטשילד איז ער געווען! דערפאַר איז מען געווען אַזוי רייך אין פּאַסעיק, ניו־דזשערזי ווען זיי זיינען דאָ געקומען. שור!

אָסיפּ האָט געציטערט פאַר אַ קריג, האָט ער באַלד געהאַט אַ פּלאַן:

— איצטער וועל איך שפּילן אויפן פידל אַ ליד. דאָס איז

אַן אַלטער יידישער ניגון צום טאַנצן.

ער האָט גענומען שפּילן. ס׳איז ווידער געוואָרן רואיק. נאָר בעתן סאַמע שפּילן האָט דאָראָטי גענומען ריידן מיט אים שטילערהייט.

— פאַרוואָס זיינען ניטאָ היינט מאָרטאָנס קינדער? זיי האָבן די משפּחה אין דר׳ערד! דער עלטסטער האָט שוין חתונה געהאַט מיט אַ פּאַסקודנער שיקסע, און זיי האָבן עם געפּרואווט פאַרריכטן מיטן קויפן אַ שטיקל פּאַפּיר ביים גרויסן ראַבאַי אין ליטל נעק אַז זי איז געוואָרן אַ ייד! מיינע שונאים אַזאַ ייד ווי זי איז געוואָרן! מיינע שונאים ווי ער איז אַ רבֿ! די אַנדערע צוויי זין ווערן פאַרכאַפּן אָדער כאָלערעם ווי זייער מאַמע אָדער גלאַט שיקסעס. ווערסט זען צי איך האָב רעכט! אַזוי האָט זי זיי דערצויגן, די פעלישיאַ. מאָרטאָן ציטערט דאָך פאַר איר. ער ווערט ניט זאָגן קיין וואָרט. דערפאַר שווייגט ער ווען זי אַטאַקירט מיר פאַר אַלעמען אין די אויגן. ער איז געוואָרן פּונקט ווי זיין ווייב. די מאַמע פלעגט זאָגן: אַז מ׳שלאָפט מיט דער גויה גענוג לאַנג — — — דו געדענקסט דאָך אַז איר טאַטע איז געשטאָרבן פּונקט פאַרן יינגסטן זונס בר מצווה, נאָר זי האָט די בר מצווה ניט אָפּגעלייגט. ניין, אַז פעלישיאַ אָרגאַניזירט איז אָרגאַניזירט. זי האָט דאָך באַשטעלט דעם רייכסטן אָרקעסטער אין לאָנג איילענד!

אָסיפּ האָט אַוועקגעלייגט זיין פידעלע, געווען זיכער אַז איצטער ווערט זיין רואיק. ער האָט ניט געוואוסט אַז מאָרטאָן האָט גראַדע דערהערט אַלץ וואָס דאָראָטי האָט אים געזאָגט אַז ער האָט געשפּילט. מיט רציחה אין די אויגן האָט זיך מאָרטאָן אויפגעהויבן. אַלע האָבן געשטוינט.

— איך האָב געהערט יעדן וואָרט וואָס דו האָסט געזאָגט

אָסיפּן דאָרטן איןווינקל!

— אָסיפּ, איך האָב עפּעס געזאָגט? — האָט דאָראָטי אַריינגעשלעפּט אָסיפּן אין עסק —

— ניי־יי־יין — האָט אָסיפּ געענטפערט, געהאָפּט אַז מיט זיין שיינעם „ניין” האָט ער אויסגעמיטן אַ קריג. מאָרטאָן האָט ווייטער גערעדט שטייענדיק.

— עס קריכט פון גאַל די גאַנצע פּאַסקודסטווע וואָס מ׳הערט פון דיין מויל. איך בין צוויי און זעכציק יאָר אַלט און דו ביסט אָן אַ שיעור עלטער פון מיר, טאָ לייקן דאָס ניט. איך בין צו אַלט פאַר דעם אַלעמען. דו קומסט דאָ ניט ווי אַ פריינט. דו קומסט און דו זיצט און דו רעדסט אין דער הייך די סאַמע מיאוסטע זאַכן קעגן מיר, קעגן מיין ווייב פּעלישיאַ, קעגן מיינע זין. וואָס האָבן מיר דיר געטאָן פאַראַ שלעכטס? אויב מיר זיינען אַזעלכע שלעכטע מענטשן, טאָ קום ניט! ווער דאַרף דיר דאָ האָבן? און היינט איז ניט דאָס ערשטע מאָל. מיט צוויי וואָכן צוריק אַז אָסיפּ איז דאָ געווען האָב איך צופעליק אויסגעפּרואווט דעם נייעם טעלעפאָן איבן וואָס האָט ניט קיין דראָט און איך האָב געהערט אַלץ וואָס דו האָסט געזאָגט וועגן מיר און וועגן פּעלישיאַ. אָבער ווען דו דאַרפסט עפּעס האָבן, צו וועמען גייסטו? צו פּעלישיאַ גייסטו! דאַמאָלסט איז זי אָלרייט! אַז דו ביסט געווען קראַנק און דו האָסט געוואָלט מ׳זאָל דיר אָפּפירן אין שפּיטאָל וועמען האָסטו געבעטן? פּעלישיאַ! אַז דו דאַרפסט עפּעס האָבן, איז גוט. ס׳געפעלט דיר ניט דאָ, איז קום ניט!

מאָרטאָן האָט זיך רואיק אַוועקגעזעצט, כאילו ער האָט ערשט געהאַלטן אַ רעדע אין „יונאַיטעד נעישאָנס”. אַלע זיינען געזעסן שטום, אין איין שאָק. מיטאַמאָל האָט זיך אויפגעשטעלט דאָראָטי און האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף פּעלישיאַ.

— זאָל איך די מינוט שטאַרבן אויב איך האָב געבעטן ביי פעלישיאַ זי זאָל מיר נעמען אין שפּיטאָל! פעלישיאַ האָט מיר טעלעפאָנירט און פאָרגעשלאָגן זי זאָל מיר נעמען. זאָל זי איצט לייקענען! אויב איך זאָג אַ ליגן זאָל איך די מינוט שטאַרבן!

די לאַנדאָנערין אַמיליאַ, וואָס איז געבליבן געפּלעפּט פון דעם אַלעמען, האָט ניט געקענט באַנעמען צו וואָס דרייט זיך אַ קריג אַרום דער פראַגע צי דאָראָטי האָט געבעטן פעלישיאַ זאָל איר נעמען, צי פעלישיאַ האָט פאָרגעשלאָגן. האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז אָבער דער חילוק?

דער צווייטער ענגלענדער, קליף, איז שוין געווען פריילעך פונעם ביר. ער האָט דריי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן מיטן לעפל אָן אַ גלאָז און דערביי געזאָגט:

— דינג דינג דינג, סוף פון צווייטן „ראַונד”.

ד

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף אַ פּאָר מינוט זיך אָפּאָטעמען. רחל האָט געהאָלפן פעלישיאַ׳ן צונעמען די אַלטע טעלער, ברענגען נייע. ווער ס׳האָט געדאַרפט איז אַריין אין ספּעציעלן וואַש־צימער וואָס מ׳האָט צוגעבויט לעבן קיך, פאַר די קרובים וואָס נוצן דעם „עקסטענשאָן”. פעלישיאַ האָט אַ שריי אויס געטאָן אַז מ׳דאַרף צוריק צום טיש, אַניט וועט אַלצדינג ווערן קאַלט.

אַז מ׳האָט גענומען עסן האָט געעפנט דאָס מויל צום ערשטן מאָל — באַבי פון קאָנעטיקאָט. זי איז געווען אַ שיינע

וואָס האָט זיך אויסערגעוויינלעך פּרעזערווירט דעם יוגנטלעכן אויסזען.

— דאָראָטי, איך וויל אַז דו זאָלסט וויסן אַז איך פאַרשטיי דיר זייער גוט. איך האָב אַ ברודער און איך ווייס וואָס פאַראַ פּראָבלעמען עס קענען זיך מאַכן. מ׳דאַרף אָבער געדענקען איין זאַך, אַז מערלעך און פעלישיאַ האַלטן צוזאַמען די משפּחה. ווער וואָלט אַלעמען איינגעלאַדן ווי זיי טוען עס? — האָט זי דאָראָטי געפרעגט מיט אַ רואיקן טאָן. אַז אָסיפּ איז געווען אין צימער פלעגט זי זיך וועלן אויספיינען אַז זי איז פאָרט אַ יידיש־קינד, האָט מאָרטאָן גערופן „מערלעך”. אַזוי האָט זי אַרויסגערעדט „מלך”.

— פאַרמאַך דיין מויל — האָט דאָראָטי אַ שריי געטאָן — ס׳איז ניט דיינע געשעפטן! וואָס מישסטו זיך? דו געהערסט אַפילו ניט צו אונדזער משפּחה! האָסט חתונה געהאַט מיט טעדי. און אַחוץ דעם ביסטו אַ נאַר! דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט! דו ביסט אַ נאַר!

— איך בין אפשר טאַקע אַ נאַר, אָבער אַ ברודער האָב איך. דערפאַר מיין איך אַז מיר וואָלטן געקענט זיין פריינט און ריידן וועגן די אַלע פּראָבלעמען. איך גלייב אין קאָמוניקאַציע ווי אַ לייזונג צו די אַלע פּראָבלעמען וואָס קומען פאָר צווישן מענטשן.

— פאַרמאַך דיין מויל! דו ביסט אַ נאַר!

— דאָראָטי! זאָלסט ניט וואַגן ריידן אַזוי צו אַ גאַסט אין מיין שטוב. דו הערסט? זאָלסט ניט וואַגן! — האָט זיך אַריינגעמישט פעלישיאַ.

— איך וועל ריידן וואָס איך וויל, פעלישיאַ. דו האָסט מיר פיינט אַ גאַנץ לעבן! די מאַמע האָט געוויינט וואָס מאָרטאָן

האָט מיט דיר חתונה געהאַט. דו ביסט אַ קאַלטע פיש אָן אַ ברעקל מענטשלעכקייט. אַ קאַלטע פיש!

מאָרטאָן האָט זיך ווידער אויפגעשטעלט, האָט ווידער גענומען אַ וואָרט.

— זע, דאָראָטי. דו האָסט פיינט פעלישיאַ. דו האָסט פיינט באַבי. דו ווייסט וואָס דער אמת איז? דער אמת איז אַז דו האָסט פיינט יעדע פרוי וואָס האָט אַ מאַן, דו פאַרגינסט זיי ניט, דו האָסט פיינט יעדן מענטש וואָס האָט אַ ביסל גליק אין לעבן, און יעדע פרוי וואָס איז ניט קיין פאַרביטערטע אַלטע אלמנה האָסטו פיינט מער פון אַלצדינג!

— זע נאָר ווי ער אַטאַקירט מיר! דאָס האָט זי אים אָנגעדרודלט, די ווייב זיינע — האָט אַ גיכן ענטפער געטאָן דאָראָטי, אָנווייזנדיק מיטן ווייז־פינגער אויף פעלישיאַ'ן.

אָסיפָן האָט גענומען ווערן ניט גוט פון דעם אַלעמען. ער האָט אַ פריינטלעכן בריק געטאָן זיין זון אונטערן טיש און אים אַריינגעזאָגט אין אויער:

— אהרן! זיי קיסינדזשער! לאָמיר זען, אַדרבא, ווייז אַ קונץ און מאַך שלום! נו, לאָמיר זען צי דו קענסט עס מאַכן.

דאָס האָט גראַדע געהערט אהרנס פריינט קליף. האָט קליף אַריינגעזאָגט אהרנען אין אויער:

— זאָג דיין טאַטן אַז קיסינדזשער איז אַ מאַסן־מערדער! ער וויים ניט וואָס קיסינדזשער האָט אָנגעמאַכט אין וויעטנאַם? און אין קאַמבאָדיאַ?

ה

מ׳האָט זיך ווידער אַלע אויפגעהויבן אויף אַ פּאָר מינוט. פּעלישיאַ האָט געבעטן רחלען איבערציילן וויפל ווילן קאַווע, וויפל ווילן טיי. אהרן איז צוגעגאַנגען צו זיין מומע, דאָראָטי, און פּאַר איר געהאַט אַ פּלאַן:

— אַז דו ווילסט, וועל איך דיר איצטער אָפּפירן אין ניו־יאָרק. מיר וועלן ערגעץ וואו אַריינגיין טרינקען אַ גלאָז קאַווע און פּאַרברענגען ווייט פון זיי אַלעמען. וואָס זאָגסטו?

— משוגע בין איך?! איך האָב פּאַר איר ניט קיין מורא! איך בלייב אָטאָ דאָ אָ! — און דאָראָטי האָט זיך אויפגעהויבן אויף אַרויסגיין אַ פּאָר מינוט זיך צו פּאַרריכטן די שמינקע. איר האַנט־בייטל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין דער רעכטער האַנט, האָט אָפּגעשטופּט אויף דר׳ערד אַלצדינג וואָס איז געשטאַנען אויף דער לאַמינירטער פּאָליצע. מיט אַ גרויסן געפּילדער האָבן גענומען פּאַלן אויף דר׳ערד פּאָרצעלייענע אייער, צאַצקעס, שמאָנצעס. אַ טעלערל פון בר־כוכבא׳ס צייטן האָט זיך צעבראָכן אויף פּיץ־פּיצלעך.

— אָה שיט! מיינע בעסטע פּיסעס! — האָט אַ שריי געטאָן פּעלישיאַ.

— אַנטשולדיק מיר, איך האָב ניט געזען אַז ס׳שטייען דאָרטן דיינע שמאָנצעס. איך וועל דיר באַצאָלן דערפאַר.

— ס׳האָט ניט צו טאָן מיט געלט, מ׳קען די זאַכן ניט קריגן!

אַוועק אַ ווײַלינקע איז דאָראָטי צוריק אַריין אין „עקסטענשאָן", זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ סאָפע אין ווינקל, מ׳האָט נאָך ניט גערופן צו קאַווע. צו איר איז

צוגעגאַנגען אָסיפּס ווייב, רחל, געפרעגט אוים רחמנות וואָס זי מאַכט. דאָראָטי האָט קיין רחמנות ניט געוואָלט.

— וואָס קומסטו ריידן מיט מיר ווען שטענדיק לעקסטו אונטער פעלישיאַ׳ן דעם הינטן!

רחל, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג שטיל און רואיק געזעסן, איז פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין אַ היסטעריע. אָדערן האָבן זיך באַוויזן אין שטערן. זי האָט גענומען שפּרינגען אַרויף און אַראָפּ, ריטמיש.

— גענוג שוין געהערט פון דיר „הינטן״. הינטן, הינטן, הינטן. מער הערט מען ניט פון דיר. דיר קומט אַלצדינג וואָס דו קריגסט פון אַלע! דיר קומט! דו האָסט עס אַלץ פאַרדינט! יעדן איינעם זאָגסטו נאָר „הינטן״! הינטן הינטן הינטן! נאָר הינטן! הינטן הינטן הינטן!

רחל האָט גענומען שרייען און שפּרינגען אַלץ העכער און העכער. פעלישיאַ האָט שוין ניט געקענט באַהאַלטן איר גליק. אויף איר פּנים האָט זיך באַוויזן אַ ברייטער שמייכל. היינט איז זי די זיגערין. דאָראָטי האָט געכאַפּט פּאָרציעס פון אַלע! אַלע האַסן איר, האָבן איר פיינט ווי אַ שפּין! דערלעבט יאָרן! אַלע האָבן פיינט דאָראָטי!

מיטאַמאָל, אַז אַמיליאַ האָט דערזען אַז רחל איז היסטעריש, איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער און גענומען וויינען. זי האָט ערשט פאַרבראַכט אַ וואָך צייט אַלס גאַסט ביי רחלען אין דער היים. אַמיליאַ איז פאַרביינגעלאָפן די טיר וואָס פירט אין וואַש־צימער און איז אַריין אין ערשטן צימער וואָס נאָך דעם. דער צימער איז געווען אינגאַנצן רויט, דאָס איז געווען דער „רעד רום״ וואו עס פלעגן שלאָפן ניט־וויכטיקע נאַכט־געסט. אהרן איז איר באַלד נאָכגעלאָפן זען וואָס מיט איר איז.

— אַנטשולדיק מיר, אהרן! אוי, מיר פאַרדריסט אַזוי וואָס איך האָב זיך אַזוי אויפגעפירט פאַר דיין משפחה אין די אויגן, וואָס איך בין אַרויסגעלאָפן און אָנגעהויבן וויינען. אַנטשולדיק מיר!

— אַנטשולדיק ד י ר!? וואָס רעדסטו נאַרישקייטן? מיר זיינען אַ באַנדע משוגעים און ד ו זאָגסט „אַנטשולדיק מיר"! דאָס איז אַ געלעכטער! איך גיי זיי דערציילן. פון דעם וועלן זיי שוין לאַכן!

אין קיך האָט מען שוין גענומען אָנטאָן די מאַנטלען. אָסיפּ האָט צוריק אַרויסגענומען זיין פידל און געשפּילט אַ גאָר לעבעדיקן פאָלקס־טאַנץ.

מאָרטאָן האָט זיך געכאַפּט אַז די צוויי ענגלענדער האָבן אַלצדינג געזען. אַ קליינער שמייכל האָט זיך אים אויסגעצויגן אין ווינקל פון מויל. ער איז צוגעגאַנגען צו אָסיפּן.

— אָסיפּ! איך דאַרף מיט דיר ריידן וועגן אַ וויכטיקן ענין. קום אַ מינוט אין יענעם צימער — — — ווייס כ'ל דיר זאָגן? ס'אַזאָכנאַזוויי! די ענגלענדער וועלן מיינען אַז די יידן קומען זיך צונויף דווקא דעם טאָג און שילטן יעזוסן. ס'פּאַסט ניט שילטן דירעקט, מאַכט מען אַ גרויסן קריג אין דער פאַמיליע און יעדער איינער שילט די אַנדערע.



# אבא־עלע׳ם שליחות

מ׳איז געווען אַזוי. אבא־עלע דעם סופרס — די פֿאַמיליע איז געווען ווײַנגאָרטן — איז אַלע זײַנע יאָרן געווען אַ יושב אוהל. דער ייִד זיצט אין שטוב און שרײַבט חידושים אויפֿן שולחן ערוך. דאָס איז געווען אין שימענישעק, דאַמאָלסט ווען שימענישעק איז נאָך געווען שימענישעק, אַ מקום תורה. שפּעטער נאָך די גרויסע שריפֿות איז עס געוואָרן אַ פּויעריש דאָרף. אַז מ׳זאָל וועלן ריידן גענוי איז אבא־עלע׳ס פּירוש געווען אַ פּירוש אויפֿן פּרי מגדים וואָס אויפֿן שולחן ערוך. דאָ און דאָרטן האָט ער פֿון יוצא וועגן געבראַכט אויך תירוצים צו די קשיות אויפֿן פּרי מגדים. די וואָס האָבן אבא־עלע׳ן געקענט פֿון דער נאָענט האָבן גוט געוואוסט אַז זײַן כוונה איז געווען אַרײַנשטעקן דעם פּרי מגדים אין גאַרטל. פֿאַרוואָס דאָס איז אים מער פֿון אַלצדינג געגאַנגען אין לעבן איז שווער צו זאָגן, נאָר אַפּנים איז בײַ אים געוואַקסן אָטאָ די תאווה נאָך פֿון די ישיבה יאָרן אין ווילנע. זײַן פֿאַרמעסט מיט דער אייביקייט.

ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן, אַז אבא־עלע וועט שטאַרבן. אַלץ איז געווען צוגעגרייט אויף פֿריער. אין דער צוואה זײַנען געווען אויפֿגעשריבן אַלע פּיטשעווקעס. דעם כתב־יד מיטן פּירוש זײַנעם, דעם „גן הגפן״ — אַן אָנצוהערעניש

אויפן נאָמען „וויינגאָרטן" — וועט מען באַלד נאָך דער שבעה אָפּגעבן אין דער פירמע „ראָם" אין ווילנע. זיי וועלן עם לאָזן אָפּדרוקן אין אַ פּראַכט־אויסגאַבע מיט אַמסטערדאַמער אותיות פון אַמאָל. אויפן שער־בלאַט וועט זיין אַ האָלצשניט פון אַ בית־מדרש וואו מ׳זעט מערניט דעם דאַך, מיט אַ מגן־דוד פּונקט אונטערן שפּיץ, אַן אָנצוהערעניש מ׳זאָל אין גאַנג פון די דורות נעמען דעם גן הגפן אָנרופן בקיצור דעם ג"ג. אויף לשון קודש מאַכט דאָך „גג" אַ דאַך. די פירמע „ראָם" וועט צעשיקן במתנה צוויי טויזנט מיט פינף הונדערט עקזעמפּלאַרן פונעם „גן הגפן" צו די גרעסטע רבנים און תלמידי חכמים מריגע ועד אָדעם. פופצן יאָר שפּעטער וועלן זיי אַרויסלאָזן אַ נייעם שולחן ערוך וואו מ׳וועט שוין דרוקן דעם גן הגפן „אינעווייניק" אין אַ קאָלאָנע, בשכנות מיטן ט"ז, מיטן ש"ך, מיטן סמ"ע, און מיטן גר"א. מיט זיי אַלע וועט דער ג"ג אַרומרינגלען דעם מחברם, יוסף קאַראָ׳ם שולחן ערוך. אָט דאָס הייסט אייביקייט. און בשעת מעשה וועט מען דעם פּרי מגדים גופא אויסלייזן פון זיין עלנטן אָרט צום סוף פון ספר, מ׳וועט זיין פירוש מסדר זיין אויפסניי לויט די סימנים פון שולחן ערוך און אָפּדרוקן אינעווייניק. וועט דער פּרי מגדים אויך האָבן נחת אויף יענער וועלט. און וואָס? דער פּרי מגדים האָט געזשאַלעוועט דעם ש"ך?

איבערגענוג געלט דאָס אַלץ אויספירן איז שוין געלעגן אין באַנק אין ווילנע. די אַלע שטרות מיט די ראָמס זיינען געווען געחתמעט בפני עדים כשרים. אַ ועד מיט שטאָט־רבנים האָט געהאַט איבערן גאַנצן עסק אַפּוטרופּסות. די זאַך איז געווען אַזוי איינגעשטעלט אַז טאָמער עס שטאַרבט אַ רב גייט באַלד אַריין אין ועד זיין ממלא מקום אַלם שטאָט־רב דאָרטן וואו ער איז געווען.

זיין לעבנס־שטייגער און זיינע פּלענער אויף עולם הבא האָט זיך אבאַ־עלע געמעגט דערלויבן. בחורווייז ט׳ער געהאַט אַ שם פאַר אַן עילוי אַ חד בדרא. מ׳האָט אים צוגעשדכנט אַ כלה, אַ טאָכטער פון ווילנער יידן גבירים אדירים. מ׳האָט אים יאָרן לאַנג געגעבן קעסט. בערך צו די דרייסיק האָט ער מיט דער ווייב, כאַנקע, אַ שטוב אויפגעשטעלט אין שימענישעק וואו כאַנקע׳ס משפחה האָט שוין פון לאַנג געהאַט הייזער. כאַנקע האָט דאָרטן גענומען פירן אַ קראָם. זי איז געווען אָנגעמאָסטן אויף אַ פלוניתטע פון אַ תלמיד חכם אַ מחבר. איר איז אין לעבן געגאַנגען היטן די שטימונג אין שטוב יעדן טאָג, אבאַ־עלע זאָל אַריין צו זיך אין ביבליאָטעק און אַרבעטן. אבאַ־עלע פלעגט שלאָפן ביז שפּעט אינדערפרי, דערפאַר פלעגט ער אָבער אַרבעטן ביז צוויי אָדער דריי אַזייגער פאַרטאָג אויף זיין פּירוש. בייגאַכט האָט ער געהאַלטן איז די שכינה אַמשטאַרקסטן. אַרום און אַרום איז געווען אַן אימהדיקע שטילקייט, אַ שכינהשע נאָענטשאַפט.

כאַנקע איז געווען אַן עקרה נאָר ביי אבאַ־עלע׳ן איז דאָס ניט געווען עק וועלט. זיינע תולדות זיינען דאָס דער גן הגפן, אָנשטאָט קינדער בשר־ודמס וואָס ווער וויים היינטיקע צייטן, קענען נאָך אַרוים לתרבות רעה. ער האָט די מחשבה רעה געפּרואווט אָפּשטויסן, נאָר ניט איינמאָל איז אים איינגעפאַלן אַז דער אייבערשטער האָט די ווייב זיינע בעקרות געהאַלטן אַז קינדער זאָלן אים ניט מפסיק זיין אין לערנען, אַז די אַלע דאגות וועגן זייער חינוך און דרך ארץ זאָלן אים ניט אַראָפּפירן פון זיין שליחות. אַפילו אַ מלאך האָט דאָך נאָר איין שליחות, על אחת כמה וכמה אַ מענטש. אַ מענטש איז דאָך נאָר אַ מענטש.

די צוואה זיינע האָט געגעבן צו פאַרשטיין אַז נאָך זיין

טויט זאָל מען נעמען אויף צום דרוקן דעם נוסח פון גן הגפן וואָס וועט דאַמאָלסט ליגן אויפן טיש. ס׳זאָל ניט ווערן קיין פלאָנטער האָט ער אַלעמאָל צעריסן און אַריינגערוקט אין אויוון די פריערדיקע נוסחאות. אין זיינע שענסטע חלומות האָט אבא־עלע געזען ווי ניט־געבאָרענע דורות תלמידי חכמים אַמפּערן זיך אויף טריט און שריט וועגן דעם וואָס ס׳האַלט „דער גן הגפן״, און אפשר „דער ג״ג״, ניט וויסנדיק ניט פון קיין „אבא־עלע״, ניט פון קיין „דעם סופרס״, און ניט פון קיין „וויינגאָרטן״. ער האָט געזען אין חלום ווי ער זיצט אין גן־עדן און קוקט אַראָפּ ווי ישיבה בחורים איבערן גאַנצן תחום ראַנגלען זיך מיט אַ האַרבן פּרי מגדים און אַ נאָכמער האַרבן גן הגפן. איי וועט אים גוט זיין אויף יענער וועלט! ער האָט געהאַט רחמנות אויף די מענטשן אַרום אים, סיי די יידן סיי די גוים, וואָס האָבן געלעבט פון דער וועלט וועגן. איי ווען זיי ווייסן נאָר סאַראַ גליקלעך לעבן ער האָט ביי זיין שרייב־טיש! וואָס ס׳וואַרט אויף אים אויפן עולם האמת! ווי גוט ער האָט זיך אָרגאַניזירט דאָס אַלץ זאָל זיך נעמען אין וועג אַריין באַלד נאָך זיין טויט — דאַמאָלסט וואָלטן זיי בעסער פאַרשטאַנען סיי די וועלט סיי יענע וועלט.

אבא־עלע האָט אויך רחמנות געהאַט אויף רבנים מחברים וואָס שרייבן צען מיטלמעסיקע ספרים אָנשטאָט איין אייביקן. ער האָט געקוקט מיט ביטול אויף די וואָס ווילן זייערע זאַכן איבערגעבן אין דרוק אַריין דווקא ביים לעבן. „גאוות סופרים״ האָט עס ביי אים געהייסן. אַחוץ אַלעמען האָט ער איינגעזען אַז ס׳איז ניט פּראַקטיש. ביי אַ מענטש וואָס לערנט אַ גאַנץ לעבן פאַלט דאָך ניט אַראָפּ אויף דער עלטער די חריפות, טאָ פאַרוואָס אָפּדרוקן עפּעס וואָס וועט שפּעטער זיין מער שלימותדיק, מער דרוקפעאיק? דער נוסח וואָס וועט דערזען די

ליכטיקע שיין דאַרף זיין דער נוסח וואָס ליגט אויפֿן טיש יענעם טאָג ווען דער מענטש ווערט נפטר. אַנדערש האָט ניט קיין זין.

נאָר איין זאַך יאָ: אַלע פֿאָר יאָר האָט ער געלאָזט דרוקן ביי די ראָמם אין ווילנע איינבויגנדיקע קונטרסימלעך אַלס פֿראָבעס וואָס ער האָט צעשיקט צו גרויסע רבנים נאָך הסכמות. די הסכמות זיינען אויך געלעגן אויפֿן טיש, געוואַרט אויפֿן גורלדיקן טאָג, ווען מ'וועט דאָס אַלץ אָפּפֿירן אין ווילנע צום דרוקן. יענע קונטרסימלעך וואָס זיינען אַרויס פֿאַר אבא־עלע ווייגאַרטנס לעבן זיינען היינט די גרעסטע יקר־המציאותן.

ב

זיין לעבנס־אַרבעט האָט אבא־עלע אויסגעפֿירט לויט אַ קביעות הזמן וואָס ער האָט געהאַט אויסגעאַרבעט אַז ער איז נאָך געווען אַ ישיבה בחור אויף קעסט. לויט דעם פּלאַן וועט ער דעם גן הגפן אויסענדיקן צו דוד המלכס יאָרן, און טאָמער וועט אים דער רבונו של עולם שענקען איבעריקע יאָרן וועט ער ביזן אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם זיין פּירוש מגהה זיין, מתקן זיין, מהדר זיין. אים איז איצטער געוואָרן זעכציק יאָר און מיטן געזונט האָט ער ברוך השם ניט געהאַט צו טאָן. אין צען יאָר אַרום איז דער פּירוש פֿאַרטיק.

דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. די רואיקייט וואָס האָט אַזוי געטריי געדינט אבא־עלע'ס אַרבעט אין שימענישעק איז מיט איין שאָס קאַליע געוואָרן. וואָס האָט פּאַסירט ווייסן אַלע. דער שימענישקער רב, ר' ישראלקע, איז געשטאָרבן און קהל האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון סווינציאַנער ישיבה אַ יונגן רב,

ר׳ לייבע־אהרן קאַגאַן. אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר חדשים, ווער זאָל זיך יאַוועזן אין שימענישעק? דעם פאַרשטאָרבענעם רבס בכור, חיאל־אייזיק, וואָס איז מיט צוועלף יאָר פריער אַוועקגעפאָרן אין פּאָדאָליע אויף אַ כסא רבנות. ער האָט זיך אומגעקערט אין שימענישעק — אַ פאַרברענטער חסיד. אַז ער איז געקומען צו פאָרן האָט ער אין פור מיטגעבראַכט אַ מבול עקזעמפּלאַרן „שבחי הבעשט״, „סיפורי מעשיות״, און אַ גוזמא קליינע מעשה־ביכלעך. ער האָט גערעדט טאָג און נאַכט פון עפּעס אַ „קאַלאָדעזשער רבין״, דערציילט פון זיינע מופתים, ווי אַזוי אַ גוסס איז געוואָרן געזונט נאָכן רבינס ברכה, ווי אַזוי אַ מגיפה האָט זיך צוריקגעצויגן נאָכן רבינס וואָרט. קיין וואָרט ניט וועגן דעם קאַלאָדעזשער׳ס לומדות, זיינע חידושים, צי ער האָט אַפילו סמיכה. אחרון אחרון האָט חיאל־אייזיק מיטגעבראַכט „סם חיים״, אַזאַ מין שטאָף וואָס מ׳וויקלט איין מעשה פּאַפּיראָסן, מ׳פאַררייכערט און באַלד אויף אַן אָרט שפּירט מען זיך אי רואיק אי דערהויבן. מ׳האָט עלית נשמה און מ׳פּראַוועט דביקות מיט הקדוש־ברוך־הוא׳ן.

לאַנג האָט ניט געדויערט און שימענישעק איז געווען צעטיילט אויף צוויי מחנות וואָס זיינען געווען אויף מעסערשטעך. דער וואָס איז פריער געווען אַ ייד פון אַ גאַנץ יאָר איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ „מתנגד״. ווער ס׳האָט זיך צוגעשאַרט צו חיאל־אייזיקן איז געוואָרן אַ „חסיד״. אַז לייבע־אהרן האָט געזאָגט אויף אַ טאָפּ טרייף האָט חיאל־אייזיק געכשרט. אָנשטאָט איין רב וואָס האָט די דעה איז געוואָרן צוויי וואָס זיינען פאַרזונקען אין געניי אַזעלכע קליינלעכע מחלוקתן וואָס אַ רב דאַרף קומען פאַרגלעטן. מ׳האָט שוין ניט געקענט דאַוונען פון איין סידור, חיאל־אייזיק האָט אַלעמען צעטיילט

סידורים לויטן נוסח האר״י. ער האָט גענומען אויפשטעלן אַן אייגענע שול און געלט האָט אים ניט געפעלט. לייבע־אהרנס מענטשן האָבן אונטערגעזאָגט אַז גבירים ווייסע חברהניקעס אין דער ווייטער פּאָדאָליע גיבן זייערע משולחים אַ וועלט מיט געלט זיי זאָלן פאָרן איינעמען שטעט, שטעטלעך און דערפער אין דער ליטע. מאַכן ליטוואַקעס פּאַר חסידים איז ביי זיי די גרעסטע גדולה. אין דער קליינער שימענישעק איז געוואָרן צוויי שולן, צוויי בוינעס, צוויי מקוואות און צוויי חדרים.

אַלע טאָג האָט מען אין די ביידע חדרים אויסגעפּאָרשט די יינגלעך. נאָטע־פּסאַכקע דער מלמד, וואָס כל ימיו איז ער געווען שימענישקער מלמד, איז אויף דער עלטער געוואָרן „דער מתנגדישער מלמד״. באַלד אינדערפרי האָט ער נאָכגעפרעגט ביי יעדן יינגל און דער יינגל האָט געדאַרפט ענטפערן מיטן אויסגעלערנטן פּזמון, אַניט איז מער ווי דאָס פעלט אים ניט.

— וועמען ביסטו געטריי?

— דעם אייבערשטן.

— וועמען נאָך?

— קיינעם נאָך.

— ביסט אַ מתנגד צי אַ חסיד?

— אַ מתנגד!

— פאַרוואָס ביסטו אַ מתנגד?

— ווייל מיר פירן זיך אויף לויט דער הייליקער תורה.

— וואָס האָסטו צו די חסידים?

— זיי זיינען שבתי־צביניקעס, מאַכן פון רבין אַ פּסל ווי ביי די עשום און גיבן אַלעמען סם אויף צו רייכערן.

— ווער איז אַ רב?

— דער וואָס האָט סמיכה.

— וואָלטסט חתונה געהאַט מיט אַ חסידישער מיידל?

— חס ושלום.

איז דאָך חיאל-אייזיק אויך אַ טאַטנס אַ קינד, און היות ווי קיין באַזונדערער חסידישער מלמד איז אין שימענישעק נאָך ניט געווען האָט ער אַליין איבערגענומען מלמדות. דאָס אַליין האָט שוין צוגעצויגן אַ ריי משפחות. ווער האָט דאָס געהערט אין שימענישעק אַז דער רב זאָל ווערן דרדקי-מלמד? ביי חיאל-אייזיקן איז געווען אָט אַזאַ מין נוסח:

— ביסט אַ חסיד צי אַ מתנגד?

— אַ חסיד!

— פאַרוואָס?

— ווייל בלויז דורך חסידות קען זיך יעדער ייד דערנענטערן צום אייבערשטן.

— ווי אַזוי?

— דורך דביקות, דורך התעוררות און דורך חדווה.

— וואָס האַלטסטו פון די מתנגדים?

— אַ באַנדע אפיקורסים.

— פאַרוואָס?

— זיי פאַרגינען ניט אַלע יידן דערנענטערן זיך צום אייבערשטן.

— וועמען ביסטו געטריי?

— דעם רבונו של עולם און זיין שליח מיוחד דעם קאַלאָדעזשער רבין.

— וואָלטסט חתונה געהאַט מיט אַ מתנגדישער מיידל?

— חס ושלום!

ג.

שפּעט ביינאַכט, אין יענע געבענטשטע שעהן ווען אבא־עלע פלעגט זיצן ביי אַ ליכטל און שרייבן, אויסמעקן, איבער־שרייבן, משנה נוסח זיין, אויפסניי אָנהייבן אַ סעיף, איז ער איצטער געזעסן ליידיק. ניט די פּען האָט זיך געקלעפּט צו דער האַנט ניט דער קאָפּ איז געווען אין פּרי מגדים. ער האָט גענומען פאַרשטיין וואָסער בר מזל ער איז אַלע זיינע יאָרן געווען וואָס ס׳איז געווען אין שימענישעק רואיק און שטיל, וואָס קיינער האָט אים מיט קיין זאַך ניט געטשעפּעט.

פאַר אַלעמען איז שוין לאַנג קלאָר געווען אַז אין זכות פון אבא־עלע׳ם „גן הגפן" וועט די גאַנצע וועלט אַמאָל וויסן אַז ס׳איז דאָ אַ שימענישעק אויף דער וועלט. די ווייב כאַנקע פלעגט אָפּט לאָזן פאַלן אַז אויפן שער־בלאַט וועט שטיין דעם מחברם נאָמען בזה הנוסח: להר׳ אבא אליהו בר דוב לוי הסופר מק"ק שימענישעק דליטא. מאַלע וואָס אבא־עלע׳ן גופא איז גראַדע געווען וויכטיק מ׳זאָל דעם נאָמען זיינעם וואָס גיכער פאַרגעסן, מ׳זאָל ריידן וועגן אַזאַ און אַזאַ מחלוקת צווישן דעם פּרי מגדים מיטן גן הגפן.

מיטאַמאָל האָבן די יידן אין געגנט, וואָס האָבן אבא־עלע׳ן אָנגערופן פּשוט „שימענישקער גאון", געהאַט צו אים בקשות ניט אויף לעתיד לבוא נאָר אויף איצט און דאָ. אַחוץ ביי קנאים ממש האָט קהל געוואָלט מ׳זאָל אויסגלייכן. וואָס פאַראַ פּנים האָט עס אַז אַ יידיש שטעטל איז צעטיילט אויף צוויי מחנות שונאים? וואָס פאַראַ חינוך קען שוין זיין? און וואָס וועלן זאָגן די גוים? די גאַנצע מעשה איז אַ חילול השם. אַן עק דאַרף מען מאַכן מיט די נאַרישע אויספרעגעכצער אין די חדרים.

קורץ פון דער זאַך, גאַנץ שימענישעק האָט זיך אָנגעזעצט אויף אבא־עלע ווײַנגאָרטן. ער איז דער איינציקער וואָס קען שלום מאַכן. שוין דרײַסיק יאָר זיצט ער אין שימענישעק, שוין דרײַסיק יאָר וואָס קיינער איז אים ניט מפסיק מיט קיין שאלות און קשיות ווײַלע מ׳ווייס אַז ער שרײַבט זײַן פּירוש. איצטער האַלט אָבער שמאָל. ס׳איז אַ שעת הדחק. פאַר זײַן וואָרט וועלן אַלע האָבן דרך ארץ. ער איז דער איינציקער וואָס קען אָפּראַטעווען שימענישעק פונעם תהום פון מחלוקת, ברענגען שלום. דאַמאָלסט ט׳ער שוין קענען געזונטערהייט אָנגיין מיט זײַן פּירוש ביז איבער די הונדערט צוואַנציק. קיינער וועט אים מער ניט טשעפּענען. מ׳קען אים ערב זײַן דערפאַר.

אבא־עלע האָט אַליין גענומען איינזען אַז ער איז דאָ אַרײַנגעפאַלן אינעם „במקום שאין איש". צום ערשטן מאָל האָט ער דערטאַפּט וואָס אַזוינס עס דאַרף אויסשטיין פון קהל אַ שטאָט־רב. קיינעם גייט איצטער ניט אָן אַז זײַן שליחות פאַר דער אייביקייט באַשטייט אין אויסענדיקן דעם גן הגפן. זיי אַרט ניט. אַ גאַנצן טאָג איז מען געקומען אים שטערן, ער זאָל דערגיין אַ טאָלק צווישן די בר־פּלוגתאס. ניט צוויי בר פּלוגתאס וואָס לאָדן זיך נאָר די גאַנצע שטאָט לאָדט זיך. צו ווינד און צו וויי. כאַנקע האָט אַלע ווײַלע פאַרמאַכט די געשעפטן און יעדן אַרײַנגייער געמאָלדן פאַרן מאַן, דעם יידן אָדער די יידענע אַרײַנגעפירט צו אים אין ביבליאָטעק. יעדן איינעם האָט אבא־עלע געזאָגט דאָס אייגענע: ער וועט זיך מישב זײַן.

סוף כל סוף האָט ער געשיקט איידעלע בריוו צו די ביידע שטאָט־רבנים, ר׳ לייבע־אהרן מתנגד און ר׳ חיאל־אײַזיק חסיד, געבעטן בײַ ביידן זיי זאָלן זיך באַווײַזן בײַ אים אין ביבליאָטעק איבעראַכטאָג מאָנטיק אויף דער נאַכט, באַלד נאָך מעריב. פאַר

אבא־עלע׳ם וואָרט האָט מען געציטערט. זיי זיינען געקומען. ס׳איז געווען יענע נאַכט אַ שטאַרקער ווינט. ער האָט זיי געבעטן געבן איינער דעם צווייטן די האַנט. דאָס האָבן זיי אים צוליב געטאָן. ער איז אָבער ניט געווען קיין „נער הייתי״, אבא־עלע, און האָט גוט געוואוסט אַז באַלד ווי זיי וועלן אַרויס אין גאַס וועלן זיי ווידער זיין דם־שונאים. סיי דער חסיד סיי דער מתנגד האָבן געוואוסט אַז איין וואָרט פון אבא־עלע גאון און יעדער שימענישקער וועט פאָלגן. דער מתנגד איז געקומען צוגעגרייט מיט אַ שלל מיט ראיות פון ש״ם און פוסקים קעגן די חסידים. דער חסיד איז געקומען מיט אַ ים מראה מקומות פון ספר יצירה, פון זוהר, פון רזיאל המלאך. אבא־עלע האָט זיי ביידן קורץ און שאַרף אַ זאָג געטאָן: „ניתי ספר ונחזא״. מיט דעם האָט ער געמיינט צו זאָגן: ברענגט עס מיר געשריבענערהייט און איך וועל עס לייענען, איך האָב ניט קיין צייט דאָ זיצן הערן ווי איר טרייבט מחלוקת.

שימענישעק האָט געקלונגען מיט די נייעס אַז די ביידע צדדים זיינען געווען ביי אבא־עלע׳ן צוזאַמען. מ׳האָט דערשפּירט אַז דער ענין האָט זיך אַ ריר געטאָן, אַ הייב געטאָן. מ׳איז אַרויף אויף אַ וועג. אבא־עלע׳ן האָט מען גענומען רופן פּשוט: „דער גאון״. מ׳האָט געוואוסט אַז אין משך פון זיבן טעג וועלן די ביידע שטאָט־רבנים ברענגען זייערע חוות־דעתן וואו איטלעכער פון זיי וועט אַ בורר זיין, איינער פאַרן בעל־שם־טוב, איינער פאַרן גר״א. כאַנקע האָט אַלעמען געגעבן צו וויסן אַז אַן עצה וועט אבא־עלע געבן ניט מער און ניט ווייניקער אין אַ חודש אַרומעט.

ד

דער ענין מיטן חודש איז געוואַקסן פון דעם וואָס אבאַ־עלע האָט געוואָלט פאַר זיך אַליין אַ זמן מיט אַ קביעות די זאַך זאָל וואָס פריער נעמען אַן עק און ער זאָל זיך באַלד אומקערן צו זיין שליחות, ס׳זאָל ניט ווערן קיין פאַרשלעפּטע קרענק. אבאַ־עלע איז געווען דערשראָקן אימת מות. צענדליקער יאָרן זיצט ער און שרייבט זיין „גן הגפן" פאַר דער אייביקייט און קיין איין שאלה האָט ער ניט געפּסקנט. קיין איין פּסק ניט אַרויסגעגעבן. קיין איין דין תורה. וואָס וויל מען פון זיינע יאָרן? ביי אים אין די אויערן האָבן די ווערטער „חסידים" און „מתנגדים" געגרילצט מיט איין גרילץ. ביי אים אין קאָפּ זיינען זיי אַריין אין איין פּרשה מיט די ווערטער „כאַליאַסטרע", „כנופיא", „באַנדע", „שהי־פּהי", „ערב רב". אַז די מעשה וועט ניט נעמען קיין עק וועלן אַלע ערלעכע יידן צעטרענצלען די כוחות איינער קעגן אַנדערן און די בערלינער אפּיקורסים פונעם דעסויער׳ס חדר וועלן זיך גאָר אויספּיינען מיט אַ פּנים פון שכל הישר און ישוב הדעת. אַכלל דאָ גייט ניט אין אָפּראַטעווען שימענישעק, דאָ גייט אין אָפּראַטעווען כלל ישראל.

ער האָט אָבער געהאַט וויינִיק צוטרוי צו זיך. געקענט גרויסע שטיקער ש״ם אויף אויסנווייניק, געווען בקי אין ראשונים און אחרונים, אין הלכה־פּראַגן, נאָר דאָ, צווישן די חסידים מיט די מתנגדים האַנדלט זיך אין ענינים פון השקפה, פון קבלה, וואו ער, „דער שימענישקער גאון", איז לחלוטין ניט קיין בקי. פאַרקערט אָבער, וואָס איז אַזוי געפערלעך אַז ער וועט דעם חודש לייענען דעם „שבחי הבעשט" מיט די מתנגדישע תשובות? נישקשה, מ׳עט זיך אַן עצה געבן, ס׳איז דאָ אויף דער

וועלט אַ גאָט. נאָכמער, זיין שיטה אין לערנען, דורכאַקערן אַ זאַך אויף אַ קורצן, גלייכן אופן, קען גאָר זיין דאָ אַ מעלה. ער וועט נעמען דעם שאַרפן קאָפּ און אָנשטאָט אָנווענדן אים אויף אַ מחלוקת וועגן אַ טעלער צי איז עס מותר וועט ער די כוחות אָנווענדן אויף זאַכן וואָס שטייען ברומו של עולם.

שוין דעם ערשטן טאָג האָט געגומען ביי אבא־עלע׳ן קלאָר ווערן אַז די חסידים האָבן רעכט אַז פרייד איז אַ וויכטיקע מידה. זיי האָבן רעכט אַז די פּשוטסטע יידן און יידענעס דאַרפן האָבן מער רוחניות אין לעבן, אַז זיי קענען ריידן מיטן אייבערשטן געגוי מיט אַזויפל כוונה ווי דער גרעסטער מלומד. וואו ווערן זיי נכשל, ביים מאַכן פון רבין אַ שטיקל גאָט, דאָס איז שוין חילול השם. מער פון אַלץ האָט אים געשטערט אַז רבישאַפט קען אַריבער פון טאַטן צום זון ניט שייך צי דער זון איז אַן עילוי צי אַ שוטה. „חסיד שוטה" האָט ער אַ טראַכט געטאָן מיט זיין ניט־לייכט־אָנקומענדיקן ליטווישן הומאָר, און ביי זיך אין ביבליאָטעק אַ שמייכל געטאָן צום ערשטן מאָל. און וואו ווערן די מתנגדים נכשל? מיט דעם וואָס זיי קוקן אַראָפּ אויף יעדן וואָס איז ניט קיין גאַנצער למדן.

אָט די אַלע מחשבות זיינען אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ אינמיטן נאַכט, ווען ער איז געזעסן ביי זיין טיש ביי אַ ליכטל. אינדערוויטנס האָט אַ סאָווע געשריען. נענטער צו האָט אַ פיקהאָלץ געפּיקט.

ה

אבא־עלע האָט זיך גענומען צו פאַרשטויבטע ספרים וואָס ער האָט אַ שאָק מיט יאָרן אין האַנט ניט געהאַלטן. ער האָט געלערנט זוהר, ספר יצירה, מורה נבוכים, חובות הלבבות, שערי קדושה, דרך חיים, ספר החזיונות, רזיאל המלאך. ווידער זיינען געוואָרן רואיקע טעג און שעפערישע נעכט. צום ערשטן מאָל אין חדשים האָט ער גענומען די פּען אין האַנט. די פּען האָט געשריבן. אַז ס׳וואָלט זיך געהאַנדלט אין אָפּמעסטן פאַרנוצטע טינט וואָלט געווען קלאָר אַז איצטער גייט אים בעסער ווי ווען עס איז פריער. אין הלכה ענינים איז אַ רענדל אַ וואָרט, בפרט נאָך אַז ס׳גייט אין אַ פּירוש וואָס מ׳עט אָפּדרוקן „אינעווייניק". דאָ ביי די ענינים פונעם מהות פון יידישקייט, וואו ס׳דאַרף ניט זיין אַלע ווילע קיין מראה מקומות, וואו מ׳דאַרף זיך ניט אויספּיינען מיט אסמכתות און „כאַפּן" דעם בר־פּלוגתא ביי אַן אויסגליטש, דאָ שרייבט זיך, נישקשה.

די חוות־דעתן פון דיביידע שטאָט־רבנים האָבן געטויגט אויף קלאָגן. אבא־עלע האָט גוט פאַרשטאַנען וואָס ער דאַרף טאָן. ס׳האָט אים ווי געטאָן. ער האָט זיך געקווענקלט. אַוועק דריי וואָכן, האָט כאַנקע אַלעמען געגעבן צו וויסן אַז זיין מסקנא שרייבט ער איצט אויף און אַז אַ קיצור דערפון וועט ער בפרהסיא איבערלייענען פאַר קהל דינסטיק נאָך מנחה. ער וועט שטיין פאַר זיין טיר און ריידן. קיין ברירה איז ניטאָ. אויב ער זאָל די זאַך מאַכן אין דער „אַלטער שול" (די מתנגדישע) צי אין דער „נייער שול" (די חסידישע), אַזוי צי אַזוי וועט דאָס הייסן אַז ער האַלט מיט די אָדער מיט יענע. נישקשה, ער וועט שטיין און ריידן פאַרן עולם לעבן דער אייגענער שטוב.

די לעצטע וואָך האָט ער בכלל ניט געקענט איינשלאָפֿן. מיטן עולם, מיט דעם המון האָט ער דאָך קיינמאָל ניט געהאַט צו טאָן און איצט דאַרף ער ברענגען שלום צווישן חסידים און מתנגדים אין שימענישעק. וואָס ט׳זיין? פֿון זינט ער איז געווען אַ חדר־יינגל האָט ער קיין יידיש ניט געשריבן, נאָר לשון קודש און אַראַמיש. ווי אַזוי זאָל ער ריידן? פּשוט פֿאַר אַלעמען, צי האַרב פֿאַר די וואוילקענער? מיט מראה מקומות צי מיטן בלויזן שכל הישר? בקיצור צי באריכות?

דינסטיק נאָך מנחה האָט זיך גאַנץ שימענישעק פֿאַרמאַכט און פֿאַרשפּאַרט. אַ גרויסער עולם איז געשטאַנען פֿאַר ר׳ אבא־עלע׳ס הויז. ניט נאָר פֿון שימענישעק איז מען געקומען, נאָר אויך פֿון סטרונויץ, פֿון סווינציאַן און פֿון סווינציאַנקע. פֿון יענער זייט איז מען געקומען פֿון ווידוטין, סוויטאַרילישעק, קלושאַן, שפּאָנדע, קאָסטיעוויטש, סטראַטשע און סוויר. מיכאַ־לישקער זיינען אויך געקומען צו פֿאָרן. זקנים האָט מען צוגע־טראָגן בענקלעך. אַ צאָל פּויערים זיינען געשטאַנען הינטער די יידן, זיי איז שוין דער גאַנצער ענין אויך געווען טשיקאַווע. נאָך פֿיר רעגנדיקע טעג האָט די זון געוואַרעמט. מ׳האָט געקענט מיינען ס׳איז נאָך אינמיטן זומער, ניט טיף האַרבסט.

ר׳ אבא־עלע האָט זיך באַוויזן פֿאַר דער טיר. ער האָט אויסגעזען בלאַס, אַן אימתא דציבורא האָט אים אָנגעכאַפּט. יאָ גאון ניט גאון, פֿאַר קיין עולם עמך האָט ער אין זיין לעבן ניט געדרשנט. אַלע האָבן זיך געהאַלטן שטאַר און שטיל. די ביידע שטאָט־רבנים זיינען געשטאַנען מיט אונטערטעניקע קעפּ, לעמעלעך, גאָר ניט יענע פֿייער־צינגער וואָס תמיד.

אבא־עלע האָט אויפֿגעעפֿנט זיין העפֿטל וואָס אין האַנט און אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז. ער האָט

לאַנג אַרומגעקוקט. דערנאָך האָט ער פאַרמאַכט דאָס העפטל, אַריינגעלייגט אין קעשענע סיי דאָס העפטל סיי דאָס פאַרגרעסער־גלאָז. ער האָט גענומען ריידן פון האַרצן. אָט אַזוי האָט ער געזאָגט:

ו

רבותי, איר ווייסט אַז איך בין ניט קיין דיין און ניט קיין שטאָט־רב. מיין שליחות אויף דער וועלט, אַזוי רעכן איך, איז מיין פירוש איבערן שולחן ערוך. איצטער, אַז אונדזער באַליבטע שטאָט שימענישעק איז צעריסן און צעשטערט געוואָרן פון מחלוקת זייט איר צו מיר געקומען איך זאָל דערגיין אַ טאָלק. איז אָט וואָס:

ערשטנס, איז כעס עבודה זרה. כעס נעמט זיך פון גאווה און אַז מ׳גייט אויף אַ וועג וואָס איז באַשטימט דורך כעס קענגן יענעם, גייט מען שוין אויף אַ פאַלשן וועג. די הייליקע קבלה, וואָס אויף איר איז ניטאָ קיין חזקה, ניט ביי די חסידים, ניט ביי די מתנגדים, רעדט וועגן דעם קלאָרע דיבורים. דער הייליקער ר׳ חיים וויטאַל האָט אין זיין ספר, „שערי קדושה״, געשריבן אַז די גאווהביים מענטשן וואַקסט פונעם יסוד האש. און אין כלל פון גאווה גייט אויך אַריין כעס. צוליב גאווה ווערט דער מענטש אין כעס אַז אַנדערע טוען ניט ווי ער וויל. כי מפני הגאווה מתכעס האדם כשאין עושין רצונו. זיין מסקנא איז געווען: נמצא כי הגאווה והכעס מידה אחת היא.

צווייטנס, קענען אונדזערעביידע שטאָט־רבנים, געזונט זאָלן זיי זיין, זייער שליחות אין לעבן כדבעי אויספירן ניט אין

שימענישעק נאָר אַנדערשוואו. דער וואָס רופט זיך חסיד דאַרף רב זיין אין אַ שטאָט וואו אַלע זיינען חסידים. דער וואָס רופט זיך מתנגד דאַרף רב זיין אין אַ שטאָט וואו אַלע זיינען מתנגדים. ס׳טרעפט אַמאָל אַז אַ מענטש אַ צדיק געפינט זיך אין אַן אָרט וואו דאָרטן קען זיין אויפהאַלטן זיך ברענגען נאָר רשעות ביי אַנדערע. טאָ מיינע קינדער, האַלט עס ניט פאַר קיין פחיתת הכבוד, נאָר אייער גורל איז אַנדערשוואו און ניט אין שימענישעק.

צו דער זאַך גופא זאָגט איר דעם ענטפער יעדן טאָג צו שחרית ביי ר׳ ישמעאלם דרייצן מידות, וואָס איינע פון זיי איז דאָך: וכן שני כתובים המכחישים זה את זה עד שיבא הכתוב השלישי ויכריע ביניהם. דאָס זיינען צוויי כתבים וואָס זיינען בסתירה איינער מיטן צווייטן, נעמט מען און מ׳ברענגט אַ ראיה פון אַ דריטן וואָס איז צווישן זיי מכריע. דאָס איז בהסכמה מיטן רמבמס רייד וועגן דעם גאָלדענעם מיטל־וועג, דעם שביל הזהב. דער סאַמע פשוטסטער ייד קען זיך דערהייבן מיט עכטער רוחניות, זיך מקרב זיין צום רבונו של עולם. דאָס האָבן די חסידים רעכט. פאַרקערט נאָר אַ רב מיט סמיכה קען פסקענען שאלות, דאָס האָבן די מתנגדים רעכט. אַ חסידישער רבי קען זיין דעם רבונו של עולמס אַ שליח פונקט ווי יעדער ערלעכער מענטש. ניט מער און ניט ווייניקער.

אַז דיביידע רבנים וועלן זיין אַנדערשוואו וועל איך זיין גרייט דינען אַלס שטאָט־רב בלויז ביז וואַנען מ׳וועט ניט אַראָפּברענגען אַ נייעם רב וואָס וועט אונדז ערב זיין אַז ער וועט ניט געהערן קיין שום מחנה ניט. זאָלן מיר אַלע זיין אָפּגעהיט מיט אהבת ישראל. אַ גוטן.

ז

די רגע ווען ר׳ אבא־עלע האָט פֿאַרענדיקט די רייד, האָט דער גאַנצער עולם אַרויסגעלאָזט אויף די העכסטע טענער אַ „ש׳כח״. ס׳איז ניט געווען קיין געוויינלעכער „ש׳כח״ נאָר אַ יוצא־דופנדיקער מיט וועלכן מ׳באַפרייט זיך פֿון אַ דיבוק וואָס גייט אַריין ניט אין אַ יחיד נאָר אין אַ ציבור. מיידלעך און ווייבער האָבן זיך צעוויינט.

אבא־עלע איז אַריין צוריק צו זיך אין שטוב. ס׳האָט קיין וואָך ניט געדויערט און די ביידע שטאָט־רבנים האָבן פֿאַרלאָזן שימענישעק. לייבע־אהרן איז אַוועק צום טאַטן אין סווינציאַן וואו מתנגדות איז געווען פֿעסט ווי אין ווילנע. חיאל־אייזיק איז אַוועק געזעגענען זיך מיטן טאַטן אויפֿן בית־עולם. ער איז אַוועק צוריק אין פֿאָדאָליע צום קאַלאָדעזשער רבינס הויף.

אַוועקגעגאַנגען אַ פּאָר חדשים, האָט מען אַראָפּגעבראַכט אַ נייעם רב פֿון ליטוואַן. אַלע האָבן שוין ווידער געדאַוונט צוזאַמען אין דער אַלטער שול. קיינעם האָט עס ניט געשטערט וואָס טייל מתפּללים האָבן נאָך געדאַוונט נוסח ספרד פֿונעם ארי׳ס סידור. דעם בנין פֿון דער נייער שול האָט מען געמאַכט פֿאַר אַ הקדש פֿאַר אָרעמעלייט. דער נייער רב האָט משדך געווען געוועזענע שונאים. שימענישעק איז ווידער געווען שימענישעק.

אבא־עלע האָט גענומען שרייבן אַ נייעם חיבור, „גן היושר״, אַ מוסר־ספֿר, ווייט פֿון הלכה־פּראַגן. ער האָט אים פֿאַרענדיקט אין אַ קיילעכדיקן יאָר. קורץ נאָך דעם איז ער געשטאָרבן אין שלאָף. צום „גן הגפן״ האָט ער זיך שוין ניט אומגעקערט. דעם „גן היושר״ האָט מען באַלד אָפּגעדרוקט און

ס׳האָט אַ רושם געמאַכט איבער גאַנץ ליטע. טייל האָבן געהאַלטן אַז אין זכות פון אָטאָ דעם ספר זיינען אויפגעקומען די מוסרניקעס מיטן סאַלאַנטער בראש. דאָס איז אָבער אַן אַנדער מעשה. און וואָס איז געוואָרן מיטן ניט־פאַרענדיקטן כתב־יד פונעם גן הגפן איבערן פרי מגדים, אויף וועלכן אבא־עלע האָט געהאָרעוועט די אַלע יאָרן, וואָס אויף אים האָט ער זיין עולם הבא געבויט? דאָס איז אויכעט אַן אַנדער מעשה.



# לענאָר

לענאָר וויינעפּל איז אַהיימגעפּאָרן אין ברוקלין, אַ פֿאַרחנוכּה אָוונט איז עס געווען. דער סאָבוויי האָט זיך מיט אַ סקריפּע אָפּגעשטעלט אויפֿן „עלעווייטער", די רעלסן אינדערלופֿטן וואָס שטייען איבער מעקדאָנאַלד עוועניו. אַז די טירן האָבן זיך געעפֿנט האָט די שאַרפֿע קעלט אַ שטאָך געטאָן. אַ באַנדע פֿאַרשוויצטע, אויסגעמוטשעטע פּאַסאַזשירן, צוריקגעקומענע פֿון אַ טאָג אַרבעט אין ניו־יאָרק, האָבן זיך גלייך גענומען שטופּן, פֿון דער באַן אַרויס אויף דער הילצערנער פּלאַטפֿאָרמע, ביז די טרעפּ און אַראָפּ די טרעפּ, וואָס האָבן זיך געשאָקלט סיי פֿון די באַנען אויבן סיי פֿון דער שטופּעניש.

אונטן אין גאַס, אויף דער לאַווע האַרט לעבן די סאָבוויי טרעפּ, האָט זיך רואיק געוואַשן אַ גרוי קעצעלע מיט פֿיר ווייסע פּיסעלעך עלעהיי זי וואָלט געזעסן אין אַ שטוב אויף אַ טאַפּעט ביי אַ וואַרעמען קאַמין. אַ קליין מענטשעלע, ער האָט געטראָגן אַ היטל מיט אַ דאַשיק, האָט מיט דעם רעכטן פֿוס דאָס קעצעלע אַ שאַר געטאָן. אָדער ער האָט געוואָלט דאָס קעצעלע ראַטעווען פֿון יאָגנדיקע פֿיס און צו שטאַרק געשאַרט, אָדער ער האָט די חיה גאָר געוואָלט באַשטראָפֿן אַלמאַי זי שטייט אים

כמעט אין וועג. געווען איז אַ בריק ניט קיין שאַר. אַ יונגע איטאַליענערקע אַ שיינהייט, מיט זייער שטייפע דאַנגאַרי הויזן, באַפּוצטע מיט צוויי לאַטעס אויס מאָדע, איינע אויפֿן לינקן הינטערחלקל, איינע אויף דער רעכטער לענד, האָט פּלינק אַ בייג־אַראָפּ געטאָן דעם אייבערשטן קערפּער און דאָס שוין הינקעדיקע וויינענדיקע קעצעלע אויפֿגעהויבן, איר אַ זאָג געטאָן: „מיט מיר קומסטו אַהיים" און נאָך גיכער געלאָפֿן, די מצווה זאָל ניט אָפּקאָסטן קיין שטיקל מינוט.

לענאָר האָט געקויפֿט אַן אָוונט־בלאַט ביי אַן אַלטן נעגער וואָס פֿלעגט זיצן אויף אַ שטול האַרט ביי די סאָבוויי טרעפּ און פֿאַרקויפֿן צייטונגען. זי האָט געהערט ווי ער כאַפּט אַ שמועס מיט אַ זייער אַלטן אייראָפּעאישן יידן.

— איר ווייסט — האָט געפֿרעגט דער פֿאַרקויפֿער פֿון צייטונגען — אַז מיט הונדערט יאָר צוריק איז דאָ ניט געווען קיין עלעווייטער? מיט הונדערט יאָר צוריק איז מעקדאָנאַלד עוועניו געווען אַ ליכטיקע גאַס! געווען דאַמאָלסט רייעןביימער מיט פֿריש־אויסגעפּאַרבטע בענק. דאַמאָלסט, חבר, איז ברוקלין געווען ברוקלין!

— נו, הערט — האָט זיך דער ייד אַ קווענקל געטאָן — ביי אונדז גלייבט מען אין משיח. אַז משיח וועט קומען, וועט שוין מעקדאָנאַלד עוועניו ניט ליגן „אונטער די רעלסן". משיח וועט אויסרייסן אָטאָ די שטאָלענע זיילן, די רעלסן, אַ סוף מאַכן מיט די וויבראַציעס און מאַכן אַז בייטאָג זאָל ווידער זיין דאָ ליכטיק.

— נו ווען ט'ער קומען?

— אַז ער'ט קומען ט'ער קומען!

ב

לענאָר איז צוגעגאַנגען די פינף מינוט ביז אין שטוב, אין האַנט אַ דיפּלאָמאַט. זי איז געווען אַ מיטלוואוקסיקע, מיט מיטל־לאַנגע ברוינע האָר, זומער־שפּרענקעלעך, געדיכטע ברוינע ברילן־רעמלעך, דאַרע לענדן און אַ פלאַכלעכן האַרצברעטל. זי האָט אַנדערש ניט אויסגעזען ווי אַ סך אַמעריקאַנער יידישע מיידלעך, אויב יאָ אַ סימן איז וואָס נאָר, די ליפּן אַ ביסל צו דין צום פּנים. לויט דער אָנטועכץ האָט מען צו טאָן מיט אַ מאָדערנער אָרטאָדאָקסישער מיידל. דאָס קלייד איז געווען לענגער און לויזער ווי ביי פרייע און שיקסעס, קירצער און שטייפער איידער ביי חסידים און פרום־פרומע. ס׳איז געווען דער לעצטער זמן אין אוניווערסיטעט. אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָט זי אַ דיפּלאָם אין פילאָזאָפיע. פון די אַפּליקאַציעס אויף שטעלעס איז געווען דערווײַלע איין ענטפער אויף יאָ, ווערן אַ לערערין אין אַ גימנאַזיע ערגעץ ווייט אין קאַנאַדע. נאָר וואָס טויג איצטער טראַכטן? זאָל מען בשלום אַדורך די עקזאַמענס און דערנאָך וועט מען ריידן.

זי איז אָנגעקומען אַהיים. אַ באַזונדער הויז מיט פאַלשע ציגל איבער די הילצערנע דרויסנדיקע ווענט, אַ קליין גערטנדל פון פאָרנט, אַ גרויסער הויף פון הינטן. אַריין אינעווייניק, אין קיך, האָבן געוואַרט מיט דער וועטשערע טאַטע־מאַמע. ראָבערט איז געווען דער פאַרוואַלטער ביי אַ ברוקלינער פירמע בוכהאַלטער. קאַרען איז געווען אַ מאַטעמאַטיק לערערין אין אַ קינדער־שול.

— אַ גוטנאָוונט לענאָר. וואָס הערט זיך? — האָט געפרעגט דער טאַטע, מיט יענעם ענגליש וואָס ס׳ריידן

מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע, און האָט זיך בשעת מעשה פאַרריכט די שפּילקע פון דער קליינער געשטריקטער „קיפּאַ״.

— גוט, אַ דאַנק. צוויי לעקציעס און דער סעמינאַר. און ביי דיר?

— ניט שלעכט, נייע קליענטן, אַ פירמע עלעקטראָניק סוחרים, ווילן זיך איצט אָרגאַניזירן זיי זאָלן פרילינג צאָלן ווייניקער שטייערן. אַזוי באַוואָרן איך אַלע קליענטן. אַז מ׳אָרגאַניזירט זיך איצטער צאָלט מען ווייניקער שפּעטער. איך זאָג זיי אַז דאָס איז „ראָבערט׳ס געזעץ״.

בשעתן שמועס האָט זיך געפּאָרעט די מאַמע אין קיך, געעפנט אַלערלייאיקע בלעכענע פּושקעס מיט צוגעגרייטע מאכלים. מ׳דאַרף מערניט הייצן און גאָטס נסים, שוין דאָ אויפן טיש אָוונטברויט.

זיצנדיק ביים טיש האָט לענאָרן צום ערשטן מאָל פון ערגעץ וואו אַראָפּגעדריזלט אַזאַ מין מחשבה זרה, אַז איר לעבן, מיט דער שטוב, מיט די עלטערן, זיינען פלאַך און נודנע. אַרויסגעוואָרפענע יאָרן! זי האָט געקוקט אויף די געלע ווענט, געטראַכט „אַרויס״, און באַוויזן אָן שוועריקייטן פירן אַ נאָרמאַלן וועטשערע שמועס, די עלטערן זאָלן ניט באַמערקן אַז ס׳האָט זיך דער טאָכטער עפּעס פאַרקלערט. בשעתן עסן האָט געשפּילט די טעלעוויזיע.

נאָכן עסן, איז לענאָר אַרויף אויבן צו זיך אין צימער שטודירן. אויבן אין קאָרידאָר איז זי פאַרביי די פאַרמאַכטע טיר פונעם צימער וואו מ׳האַלט זאַכן, און ס׳איז איר אויף אַ סעקונדע אַדורך אַ קעלט אין דער שדרה. אַז זי איז געווען אַ קינד האָט דאָרטן געלעבט די באָבע סאָנקע, קאַרענס מאַמע, אַן אַלטע ליטוויטשקע מיט דיקע אייבער־אָרעמס, געקרייזלטע

געדיכטע ברעמען און אַ מאַנסבילש מויל. קיין ענגליש האָט זי זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט. אין אַמעריקע האָט זי ניט געהאַט וואָס צו טאָן. ביי איר האָט זיך לענאָר קינדווייז אויסגעלערנט יידיש. די באָבע פלעגט זעלטן אַרוים פון צימער, זי האָט געציטערט טאָמער וועט זי עפּעס שטערן. אַ גאַנצן טאָג האָט זי געוואַרט דאָס אייניקל זאָל אַ קלאַפּ טאָן אין טיר. דערווײַלע האָט זי געשריבן בריוו צום מאַן און צו אירע עלטערן אויף יענער וועלט. סאָנקע האָט געהאַלטן אַז בלויז יידישע אותיות דערגייען אַזש ביזן עולם האמת. אַז מ׳רעדט מיט געשטאָרבענע רעדט מען צו דער וואַנט.

ג

לענאָרן איז אַריין אין קאָפּ אַן אַמאָליקער שמועס, גראַדע אַ געוויינלעכער, צווישן איר מיט דער באָבען. די באָבע פלעגט איר רופן „ציפּקע״.

— ציפּקע, קום אַריין! וואָס שטייסטע אינדרויסן? זאָלסט וויסן אַז דאָס רעדט צו דיר די באָבע סאָנקע. דאָס בין איך דיין באָבע, און געבאָרן בין איך אין אַ וואונדער־שיינער שטאָט, איגנאַלינע, אין ליטע, די שענסטע שטאָט אויף גאָטס וועלט. היינט וואָלט מען געזאָגט אַ „שטעטל״, נאָר ביי אונדז איז איגנאַלינע געווען ניט קיין שטעטל נאָר אַ שטאָט! ניט סתם אַ שטאָט נאָר אַ שטאָט מיט פינף פּרעכטיקע שיינע אָזערעס. דאָ אין אַמעריקע איז אַזעטקענע אָזערעס ניטאָ! איך וועל דיר אויסרעכענען די פינף אָזערעס: די גרינע, די יידישע, די לאַנגע, גאַווייטים און פּעטראָווע. אַרום און אַרום זיינען געווען טיפע

וועלדער. „סאַנקע די ברעם״ האָט מען מיר מיידלווייז גערופן, אַפילו אַלס קליין מיידעלע האָב איך געהאַט גרויסע ברעמען. אַלצדינג דערצייל מיר וואָס דיר האָט היינט געטראָפן, ציפּקע!

— איך האָב זיך צעקריגט מיט מיין פריינדינע.

— ציפּקע, זעץ זיך אָטאָ דאָ אַוועק. מ׳דאַרף זיך איבערלייגן! דערנאָך ׳עט מען גלייך אויף אַן אָרט באַשליסן וואָס מ׳עט מאַכן.

— מיר האָבן געזאָלט גיין גליטשן זיך אין אייז־רינג און זי איז אַוועק מיט אַן אַנדער מיידל, אַפילו ניט געלאָזט קיין צעטל. צוויי שעה האָב איך אומזיסט געוואַרט אין גאַס.

— קוק אויף מיר, ציפּקע, זאָלסט געדענקען אַז דו ביסט אַ נאָמען נאָך מיין שוועסטער ציפּע־לאה, ציפּקע ט׳מען איר גערופן. ווען מ׳שרייט אין איגנאַלינע אין גאַס „לענאָר!״ וואָלט זי זיך ניט אומגעדרייט, איז אַמעריקע־שמעריקע! ביי מיר ביסטו ציפּקע! אַקיצור, וואָס האָב איך דאָ פאַררעדט, דו קוקסט צי ניט?

— איך קוק, באָבע, נו?

— טו ווי איך טו. קוקסט? נעם די צונג און וויש זיך אַרום די ליפּן, אַרום און אַרום. אַרומגעווישט? איצט זאָג מיט מיר צוזאַמען: אַ שטעקעלע אַריין אַ שטעקעלע אַרויס, אָטאָ די פריינדינע איז אויס, אַ שיינע ריינע כפּרה! וועסט געפינען אַ בעסערע. זאָלסט נאָר ניט לאָזן באַמערקן אַז ביסט אין כעס, זאָלסט זאָגן גוט־מאָרגן גוט־יאָר און גיין ווייטער. ביסט דאָך מיין אייניקל! איין קלייניקייט, סאַנקע׳ם אייניקל!

— באָבע! אַזוי ווי דו זאָגסט איז גוט! באָבע, גלייבסט אין שדים?

— ניטאָ וואָס צו גלייבן. איך געדענק גוט אַן איגנאַלינער

שד, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ אין צימער געשטאַנען. מאַלעדרייפּקע ט׳ער געהייסן, אויף קורץ הייסט דאָס. דער פּולער נאָמען איז געווען מאַלעדרייפּע־דאַרוואוש. ער האָט געוואוינט אויפן באַרג וואו ס׳שטייט דער איגנאַלינער בית־עולם, מערניט אַ שד טאָר אויף אַ הייליק אָרט ניט וואוינען, איז ער געבליבן פון יענער זייט באַרג. מיר פלעגן אָפט גיין אויפן בית־עולם באַזוכן די טויטע, זיי פאַרבעטן אויף יום־טוב, אויף אַ חתונה.

— טאָ פאַרוואָס איז ניטאָ אין אַמעריקע קיין שדים?

— דאָ אינטערעסירט זיי קיין זאַך ניט.

— וואָס מיינט „איגנאַלינע"?

— אַ, גוט וואָס דו פרעגסט. אַ גויאישער פּרינץ איגנאַץ האָט זיך פאַרליבט אין אַ יידישער טאָכטער לינע, פון דער היים איז זי געווען לאהעניו. ער האָט זיך מגייר געווען און זיי האָבן צוזאַמען אויפגעבויט די שטאָט וואו יידן מיט גוים האָבן הונדערטער יאָרן גוט געלעבט צוזאַמען. אַזוי האָט מען ביי אונדז דערציילט.

איינמאָל אַ חודש פלעגט סאָנקע נעמען לענאָרן אין ניו־יאָרק. לענאָר איז געווען געפעלן ווי די באָבע פאַלט אַריין אין התפעלות פאַר דריי זאַכן אין שטאָט: די טרעפּ וואָס גייען פון זיך אַליין אין „מעיסים דעפּאַרטמענט סטאָר", די ליכט וואָס שיינט אַרויס דורך גלאָז אַזש פון אונטערן טראָטואַר און די פּאַרע וואָס שיסט אין הימל פון סאַמע מיטן גאַס.

שבת פלעגט לענאָר זיצן לעבן דער באָבען אין שול. בעת אַלע האָבן געענטפערט מיט אַ קורצן „אָמען" האָט זיך די באָבע סאָנקע פאַסמאַקעט מיט איר לאַנגן, אויסגעצויגענעם ליטוויש־אַשכנזישן „אָ־אָ־אָ־מיין". לענאָרן האָט דורכגענומען אַן עלית הנשמה.

אַז לענאַר איז געווען אַ יאָר צוועלף, איז די באָבע אַוועק אין אַ מושב זקנים ערגעץ אין קאָנעטיקאָט. מ׳האָט איר געזען איינמאָל אין אַ יובל. ניט געווען די זעלבע סאָנקע. אָנשטאָט אַ האָפּערדיקע מיט מעשיות איז זי געוואָרן מערניט נאָך אַ זקנה אין מושב זקנים. לענאַר האָט ניט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס די באָבע קען מיט זיי אין ברוקלין ווייטער ניט וואוינען. די עלטערן האָבן געגעבן צו פֿאַרשטיין אַז אַזוי איז גוט פֿאַר דער באָבען גופא. זי האָט געבענקט נאָך דער באָבען אָבער אַ יונגע אַמעריקאַנער מיידל האָט דאָך געניג מיט וואָס זיך צו פֿאַרנעמען, די לימודים, פֿריינדינעס, טעלעוויזיע, פֿילמען, און די יערלעכע רייזעס פֿון איר העברעאישער טאָגשול אין ארץ ישראל. דאָרטן איז איר מער פֿון אַלץ געפֿעלן געווען עין גדי.

צו אַכצן יאָר, דווקא דעם חודש ווען זי האָט זיך אָנגעהויבן לערנען אין אוניווערסיטעט, באַלד נאָך ראש השנה, איז אָנגעקומען די ידיעה אַז די באָבע סאָנקע איז געשטאָרבן. אויף דער לוויה האָט זיך לענאַר צעוויינט מיט ביטערע טרערן. דאָס גאַנצע ערשטע יאָר אין אוניווערסיטעט איז איר באַפֿאַלן שולד געפֿילן. פֿאַרוואָס האָב איך דערלאָזט מ׳זאָל די באָבע סאָנקע שיקן דאָרטן אין מושב זקנים פֿוילן? פֿאַרוואָס בין איך ניט געפֿאָרן אַהין יעדן זונטיק? פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? פֿאַרוואָס? זי האָט געזאָגט אַלע טאָג קדיש, ווי זי האָט עס געלערנט אין דער טאָגשול, נאָר ווען ס׳איז געקומען צום „אמן״ איז עס געווען דער באָבעס אָ־אָ־אָ־מיין, אַנדערש וועט די באָבע אין גן־עדן ניט הערן. און דאָס האָט איר דערמאָנט אין דעם אַז אַמאָל דאַרף מען אויך דער באָבען אָנשרייבן אַ פּאָר ווערטער אין גן־עדן, לויט אירע רייד אַז בלויז יידישע אותיות קענען מתים אויפֿ־נעמען.

ד

די פּאָר חדשים זיינען אַוועקגעלאָפֿן. נאָך פּסח איז געווען די לעצטע עקזאַמענס. דעם דיפּלאָם האָט זי געקראָגן און יענעם שבתע־נאַכט איז איר אַריינגעקראָכן אַ מרה שחורה. אַלע נאָכשבת, אַפילו די שפּעטע זומערדיקע, פלעגט זי גיין אין קינאָ, אין טעאַטער, אויף אַ קאָנצערט, אַליין אין גרופּעס זעקס, אַכט, צען מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע יונגעלייט ווי ס׳פּירט זיך. די עלטערן האָבן זיך געזאָרגט וואָס צו צוויי און צוואַנציק יאָר האָט זי אַפילו ניט קיין שטיקל „באָיפרענד" (קיין בחור). קיין תאווה דערצו איז ביי איר ניט געווען. אָט דעם סוף־וואָך, נאָך דער גראַדואירונג, איז קיינער ניט געבליבן אין שטאָט. זי איז געבליבן ביי טאַטע־מאַמע. אַליין האָט איר גענומען אויסזען וויסט און לער.

נאָך שבת, שפּעטלעך, זיינען די עלטערן אַוועק אין „שפּעטן קינאָ" מיט שכנים. זיי האָבן פֿאַרבעטן לענאָרן מיטקומען. זי האָט געזאָגט ניין, זי וועט בלייבן, לייענען און קוקן טעלעוויזיע.

פּלוצלונג איז איר איינגעפֿאַלן אַ מאָדנער פּלאַן. צום ערשטן מאָל וועט זי ניט אַרומגיין אין איר געגנט, „מידוואוד", און ניט גיין ב י ז מעקדאָנאַלד עוועניו און אַרויף אויפֿן עלעווייטער. נאָר וואָס, זי וועט גיין „אויף יענער זייט רעלסן". זי האָט אַ לאַך געטאָן ביי זיך אַז זי האָט זיך דערמאָנט אַז אין די מעשיות דאָרטן אין די שטעטלעך אינמיטן אַמעריקע, זיינען די „רעלסן" אַ גרענעץ צווישן רייכע און אָרעמע, ווייסע און שוואַרצע, אַלט־געזעסענע און ניי־געקומענע. אָטאָ דאָ ביי איר אין ברוקלין איז דאָ פּונקט אַזעלכע רעלסן — דער עלעווייטער!

דער עלעווייטער איבער מעקדאָנאַלד עוועניו האָט אָפּגעטיילט די טעריטאָריעס פון צוויי שבטים וואָס האָבן איינער מיטן אַנדערן קיין מגע־ומשא ניט געהאַט. אויף איין זייט, ביי איר אין „מידוואוד", זיינען די יידן געווען מאָדערנע אָרטאָדאָקסן, מיט העברעאישע טאָגשולן און „יאָנג איזריל דפלעטבוש". אויף יענער זייט, וואו לענאָר איז בלויז דורכגעפאָרן מיט אַן אויטאָ־בוס אונטערוועגנס צום ים אַלס קינד, איז געווען באָראָפּאַרק. דאָרטן איז געווען „אנשי מאַרמעראָש", „ישיבה דמונקאַטש", „בית מדרש דסאַטמאַר", „בית באָבאָוו". צווישן די צוויי וועלטן איז געשטאַנען די שטאָלענע מחיצה, דער עלעווייטער מיט די רוישנדיקע באַנען. אין נאַסע טעג האָט געשאָטן אויף ביידע זייטן פּלויט מיט פונקען עלעקטרע וואָס קומען אָנזאָגן אַז אַ גרענעץ איז אַ גרענעץ.

פּונקט אויף יענער זייט מעקדאָנאַלד עוועניו איז ניט געווען אַזוי איי־איי־איי. אַליין גייט דאָרטן ניט אין דער פינצטער אַ מיידל. לענאָר איז געפאָרן אַ פּאָר סטאַנציעס מיט אַן אויטאָבוס און איז אַראָפּ אין סאַמע האַרץ פון באָראָפּאַרק, אויף דרייצעטע עוועניו. אַלע האָבן געוואוסט אַז ס'איז כמעט די איינציקע געגנט אין ניו־יאָרק וואו מ'איז טאָג און נאַכט זיכער מיטן לעבן. זאָל נאָר פּרובירן אַ באַנדיט עפּעס מאַכן, רופט מען גלייך אַ „כאַפּצים". עמעצער טוט אַ שריי אוים „כאַפּ אים!" און הונדערט חסידים מיטאַמאָל דערלאַנגען דעם „מאָגער" קלעפּ און מ'טראָגט אים אַוועק אין דער פּאָליציי, צי גלייך אין שפּיטאָל אַריין, געווענדט אין דעם וואָסערע קלעפּ ער האָט געכאַפּט.

נאָך שבת האָט לאַנג ניט געדויערט, דרייצעטע עוועניו איז געוואָרן געפּאַקט. די גאַסן זיינען געווען פול מיט חסידים.

אַלע האָבן גערעדט גאָר אַן אַנדער יידיש. לענאָרן איז עס געווען פרעמד אָבער צוציענדיק. אומעטום האָט זיך געהערט „גיטוואָך!" — אַ שטאָט אַ פאַרוואַנדלטע אין איין גרויסער מלווה מלכה, ניט ווי זי האָט עס געקענט, אַ גויאישקע שטאָט מערניט מיט יידן, שולן און אָרטאָדאָקסישע היימען וואו מ׳באַגריסט זיך נאָך שבת מיט אַ „שוואוא־טאָהוו" (שבוע טוב). די לופט האָט געשמעקט מיט שבתדיקן פאַרפום. זי האָט באַמערקט אַז ביי אַלע פרויען איז דאָ אַ נאָט פון הינטן אין די זאָקן, וואָס אַזוינס זעט מען נאָר אין אַלטע פילמען. וואָס איז דער שכל? מסתמא האַלט מען אַז אַזוי איז פאַר מאַנסבילן וויניקער אָנרייצנדיק. ווער וויים. אין יענע אַמאָליקע פילמען האָט מען דאָך געהאַלטן פאַרקערט.

ה

גייענדיק אויף דרייצעטע עוועניו, זיינען די גאַסן וואָס קרייצן אַדורך, אַלע פינקטלעך קוואַדראַטיש, אַראָפּגעפאַלן צו אַ נומער אַ גאַס. לענאָר איז געגאַנגען און געגאַנגען אין אָט דעם פרעמדן לאַנד, פון פיר און פופציקסטע ביז זעקס און פערציקסטע גאַס. דאָרטן, לעבן אַ קראָם וואו מ׳פאַרקויפט צייטונגען אויף יידיש, ענגליש, העברעאיש און אונגאַריש, האָט זי דערזען אויף אַ הילצערנעם קעסטל, זיצט אַ בעטלער, האַרט ביי דער וואַנט. אויפן קעסטל איז געשטאַנען מיט גרויסע אותיות „מאַראַנצן פון יפו". דער ייד האָט צו איר אויסגעשריען אויף ענגליש מיט אַ יידישן אַקצענט: „טווענטי פאַיוו סענס פליז, דזשאַסט אַ קוואָרדער" (פינף און צוואַנציק סענט זייט אַזוי גוט,

בלויז אַ „קוואָרדער״ — אַ פערטל דאָלער). לענאָר האָט גלייך אַרויסגענומען די מטבע. איר ניט איילן זיך ביים צוגיין, איר אַריינלייגן די מטבע אין זיין מעשענער פושקע גאָר פּאַמע־לינקעם, האָט דעם בעטלער געגעבן אַן אָנצוהערעניש: רייד מיט מיר. ער האָט אויף ענגליש געפרעגט צי זי איז אַ באַראָפּאַרקערין וויסנדיק זייער גוט אַז ניט, און זי האָט — ער האָט זיך געחידושט — געענטפערט אויף יידיש, דאָס ערשטע מאָל וואָס זי האָט גערעדט יידיש מיט עמעצן אויסער דער באָבען. אַזאַ וואָרט ווי „איר״ האָט זי ניט געקענט. זי האָט ביים בעטלער אַ פרעג געטאָן:

— פון וואַניט קומסטע?

— איך בין אַן אַוואַרעוויטשער. אין די זעלבע ביזנים וואָס דער טאַטע און דער זעידע, שעין נאַין דעירעם.

— איך פאַשטעי ניט.

— כ׳ל איך דאַקלערן. צדקה אי׳ אַ גרעיסע מצווה, אי׳ מאַין ביזנים ניט פאַר זיך נאָר צו העלפן אידן מעקאַיעם זאַין אַ מצווה. ביי גוים נעם איך ניט, ביי שלעכטע מענצן אַוודאי ניט.

— מאַין באָבע פלעקט זאָגן אַז אליהו הנביא פאַשטעלט זיך פאַר אַ בעטלער און דאַפאַר טאָר מען קין בעטלער ניט דוכלאָזן.

— אַ קלוגע די באָבע, זי לעפּט?

— נעין, טעיט אַ פּאָר יאָר — און זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אַ היגע?

— וואָס?

— פון אַמעריקע?

— נעין, פון אַ שטאָט, ע, — איננאַלינע? פון איר קען איך

מאַין ביסל אידיש.

— ניט אַזעי שלעכט און וועיסט איר וואָס, מ׳איז לאַנצלאַיט — כאָטש אַוואַרעוויטש איז ווייסרוסלאַנד און איגנאַלינע איז ליטע איז עס באַ אידן אַלצעינס, מיר זאַינין ליטוואַקעס, מתנגדים און אָטאָ דאָ אין דעם גאַנצן באָראָפּאַרק, בעסער גיזאָקט כפרה־פּאַרק, קענט איר קין מתנגד אַף אַ רעפּו־יע ני׳ טרעפן. איך בין ניט קין באָראָפּאַרקער, איך קום דאָ איינמאָל אַ וואָך נאָך שבת מאַכן די ביזנים.

— וואָס טוסטו אַ גאַנצע וואָך?

— דאָס אַ גרעיסער סוד.

— אָה, אַנשולדיק מיר. וואָס איז דאַין נאָמין?

— איך העים נחום. און איר?

— ע, מאַין נאָמין? לענאָר.

— הערט אָיס, איך וויל איר זאָלט ווערן אַ קליענט, אַ קאָסטאָמער, טע קומט נעקסטע וואָך נאָך שבת. אַ גוטע וואָך!

לענאָר איז אַהיים אַ צופרידענע פון קורצן שמועס מיטן באָראָפּאַרקער בעטלער. זי האָט געטראַכט וועגן נחומען. איבעריקס ריין ט׳ער ניט אויסגעזען. ער איז געווען אַ שרעקלעך מיאוסער אין אויסזען. וויספּעס האָר האָבן אויפגעשפּראָצט אויפן דאָ־און־דאָרטן געגאָלטן פּנים. די אַבנאָרמאַל דיקע הענט זיינען שטאַר געלעגן אויף די קני.

זי איז אַהיים און אַריין אין בעט. יענע נאַכט האָט זיך איר געחלומט צום ערשטן מאָל אַ פּאַסיאָנעלער חלום. זי איז געווען אויף אַ טראָפּישן אינדזל מיט עקזאָטישע ביימער. אינמיטן אינדזל איז געווען אַזאַ וואַסערפאַל ווי אין עין גדי. געלעגן לעבן וואַסערפאַל מיט די אויגן צום הימל איז נחום. ער איז געלעגן אַ שטאָק־נאַקעטער. זי האָט אים פּאַמעלינקעס אַרומגעוואַשן מיט

וואַסער פון וואַסערפאַל און גרויסע בלעטער. ביים וואַשן האָט זי זיך געוויצלט מיט אים.

— אָ, אָט האָב איך געפונען שמוץ פון מיט פינף יאָר צוריק. און דאָ לעבן דיין האַלדז איז שוואַרץ פון מיט צען יאָר צוריק. איי איי איי! ווייסט וואָס איך האָב געפונען? דאָ איז דאָ סמאָלע פון פאַר דער מלחמה. — —

דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ פלאַכן מאָך־באַוואַקסענעם שטיין. נחום האָט איר גענומען זייער איידל אויסטאָן, ניט ריידנדיק קיין וואָרט. ער איז אַוועק צום גרויסן בעטלערישן מאַנטל וואָס איז געהאַנגען פון איינעם פון די צווייגן ניט וויט. פון ערגעץ טיף אין די קעשענעס האָט ער אַרויסגענומען פיר קייטלעך און איר די הענט מיט די פיס געלאַסן און מיט ליבע צוגעבונדן. ער האָט איר לאַנג און פּאַסיאָנעל געקושט, יעדן ברעקל פון איר לייב. ער האָט זיך מיט איר דריי מאָל באַהעפט, איטלעך מאָל לענגער און שענער ווי פריער. צום סוף איז זי געלעגן אויפן שטיין, אין אַן אומבאַהאָלפענעם שוויים, געזעטיקט, כמעט אומבאַוואוסטזיניק מיט תענוג, און ס׳האָט זיך איר סאָפּען ביסלעכווייז און ריטמיש איינגעשטילט.

אינדערפרי זונטיק האָט זיך לענאָר אויפגעכאַפּט אַ באַנעצטע. זי איז געווען פול מיט פאַרשעמונג עלעהיי אַן אומשולדיקער ישיבה בחור וואָס האָט בעתן שלאָף מוציא זרע לבטלה געווען. זי איז געלאָפן אין וואַנע אַריין, דריי מאָל אויסגעליידיקט און אָנגעפילט מיט פרישע הייסע וואַסער. קיינער איז ניט געווען אין שטוב.

לענאָר האָט גענומען גיין אין באָראָפּאַרק אַלע מוצאי שבת. סך־הכל פינף נאָכשבתן איז זי יעדע וואָך אַוועק אַהין,

געגעבן נחומען זיין קוואָרדער און געכאַפּט מיט אים אַ קורצן שמועס, וואָס איז אַלעמאָל איבערגעהאַקט געוואָרן אַז ס׳האָט זיך געיאַוועט אַ נייער „קאָסטאָמער״. די זעקסטע וואָך האָט זי זיך ניט געקענט אַרויסדרייען פון גיין מיט די עלטערן באַזוכן נודנע שוועסטערקינדער אין קווינז.

ז

דעם זיבעטן שבתע־נאַכט איז אַנדערש געגאַנגען. נחום האָט געמאָנט פופציק סענט, צוויי קוואָרדערס. צום ערשטן מאָל האָט זיך איינע פון די כלומרשט שטאַרע הענט אַ הייב געטאָן. ער האָט סוחר־מעסיק אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ ביכעלע וואו ס׳איז געשטאַנען אַז דעם פריערדיקן שבתע־נאַכט איז לענאָר ניט געקומען. איצטער איז זי אים שולדיק גאַנצע צוויי קוואָרדערס. לענאָר האָט באַלד דערלאַנגט די פופציק סענט, געפּרואווט באַהאַלטן פאַר נחומען איר איבערראַשט־זיין וואָס ער האַלט אַ ביכעלע וואו ער פאַרצייכנט „קליענטן״ וואָס האָבן פאַרפעלט אַ וואָך. זי האָט אים געפרעגט:

— ווי געיט די ביזנים?

— סלאָלאַך — האָט ער געענטפערט, צוטשעפּענענדיק דעם יידישן „לעך״ צום ענגלישן „סלאָה״ (פּאַמעלעך).

דאָסמאָל איז קיין אַנדער „קליענט״ אַ ווײַלע ניט צוגעקומען. זי האָט מיט אים גערעדט לענגער. איר יידיש איז געוואָרן לייכטער אויף דער צונג.

אַז ס׳האָט זיך סוף כל סוף צוגערוקט אַ נייער קליענט, אַ יונגער חסיד, האָט נחום געבעטן ביי לענאָר זי זאָל צוואַרטן.

זי האָט זיך אָפּגערוקט, געשטאַנען לעבן נחומען מיטן רוקן צו דער וואַנט און זיך צוגעהערט.

— אַגיטוואָך ר׳ נוכם, וואוס העיעט צאַך באַ עינק עפּים גיטס?

— באָרכאַשעם, באַ אונדז פלעקט מין זאָגן אַז ס׳קען אַלעמאָל זאַין ערגער.

— קליג גיזוקט, ר׳ נוכם. נאַט אַהך אַהר נידואווע.

— וויפל מאָל דאַף איך אַיך דאַקלערן אַז איך נעם ניט קי׳נידאָוועס, אַיך מאַך איך אַ מצווה. ווען איך זאָל זעך נעמין צו אַן אַנדער ביזנים וואָלט איך עיכיט געלעפּט אין אַ שעינע האָיז, ווי אַ לאַיט, ווי גאָט אין באַברויסק.

— יאָ, עך מאַין, עט, וואוע׳.

— אָט האָב איך אַ נאַיע קאָסטעמערין שעין די זיביטע וואָך, ערש׳קלאַסיק! אָטאָ דאָ שטעיד זי.

— וועיע אי׳ ס׳מאַידל?

— איר באָבע און איך זאַינין לאַנצלאַיט.

— לוטוואַקעס, אַ נוכם?

— ליטוואַקעס זאָגט מין. מיר האַלטן מיטן ווילנער גאָיען און ר׳ חיים וואַלאָזשינער. דאָרטן אין יוראָפּ אַז ס׳האָט צעך באַ אַיך גימאַכט אַן עילוי האָט מין עם דאָך גישיקט קין וואַלאָזשין אין ניט כ׳וועים, אין בויבעריק.

— עך רעדט יידיש? — האָט דער יונגער חסיד געפרעגט ביי לענאָרן, קוקנדיק אויפן היפּאָטעטישן מיטלפּונקט אין דער וואַנט צווישן איר און נחומען. ס׳איז געווען ווי ביי אַ געאָמעטריקער אויסגעמאָסטן.

— יע, פון מאַין באָבע, אָבער ניט זער גוט.

— עך זענט שומר שבת? — האָט ער געפרעגט און די

ברעגן פון מויל, באַהאַלטענע פון בערדל, האָבן אַ האַלבן שמייכל געטאָן איבער איר שאַרפן אַמעריקאַנער ריש.

— אַוודאי, ס׳אי׳ דאָ פרומע אידן וואָס זאַינין ניט קי׳ חסידִים!

— ני, עט, יאָ, אַוודאי! כ׳האָ׳ סתם גיפּרעיקט. עץ זענט זיהכע׳ אַ סטודענטין אַרגעצווי, ניש׳?

— געוועזן, ערש׳ גיענדיקט.

— וואוע׳?

— פּילאָסעפי.

— פּילאָזאָפיע? איז מזל־טוב! עך האַלט אין אַ ישיבה דו ניש׳ וואַהט.

ווייטער האָט שוין דעם בחורס צונג גערעדט אויף אייגענער אַחריות. ס׳האָט זיך אים פאַררייטלט אין פּנים נאָר אויף דער נאַכט האָט זיך עס ניט אָנגעזען.

— צי קאָן מין מיט עינק אַמוהל רעדן אַ פּוע׳ מיניט? כ׳האָב אָועך אַ אינטערעס דאַצי, ס׳איסט פּילאָזאָפיע, אין עך וואַים, גילאַינט דו אַ ביסל רמב״ם, דו דעים ביכאַה (בחיי), איך, כ׳האָ גיטראַכט אַז אפשר קע׳מען אינץ כאַפּן אַ שמיעס, דום ׳איסט אויב עץ ׳אָט צאַהט.

— כ׳האָב איצטער צאַיט, אפשר קען מין אַראַין ערגיץ אַף טהערטינטה עוועניו?

— ס׳אַן אַהנפאַל, וואוע׳, נאַין, דום ׳איסט ס׳ניש׳ אַזאָי פוהשעט, כ׳דאַף יעצט לויפן, מ׳וואַרט אָוף מיע׳, אין מיט אַ —

— עט, ס׳קאָן זאַהן אַז, כ׳וואַים, מ׳עט זעין —

לענאָר האָט אים אָפּגעראַטעוועט.

— מאָרגן וועל איך זאַין אין ניו־יאָרק. אפשר טרעפט מין זיך דאָרטן?

— אָ! גיט גידרשנט! אַ קליק מאַידל. נוכם, גיטס אַ שטיקאַלע פּאַפּיר פין אַהר ביהכל, זי׳עט מיע אָופּשראַהבם געגאָ ווי אין וועג — האָט דער חסיד געזאָגט, און זיין טועכץ געפּרואווט פאַרגלעטן דורך אַריינציען נחומען אין עסק.

— באַלד ׳עט איר מיר בעידע שולדיק זאַין שאַדכאָנעס־געלט. דאַוואַילע וואַרפט בעידע אַראַין נאָך אַ קוואָרדער, וועט אַיך געין מאָרגן גוט.

ז

זונטיק אינדערפרי האָט דער חסיד געדאַוונט שחרית מיט באַזונדערער כוונה, געבעטן גאָט זאָל אים פאַרגעבן וואָס ער גייט זיך טרעפן מיט אַ מיידל ערגעץ אין ניו־יאָרק אויף אַ ראָג. בשעת מעשה האָט ער זיך אויסגעטענהט מיטן רבונו של עולם. וואָס איז בעצם די גאַנצע עבירה אַז אַ ישיבה בחור מיט אַ מיידל וואָס איז שומר שבת זאָלן בפרהסיא ריידן מכח מעשה בראשית, בחירה חפשית, השגחה פּרטית, דעם אין־סוף? ביי די ברכות־השחר האָט ער זיך ספּעציעל מכוון געווען ביי דער ברכה „פּוקח עורים", זיך איינריידנדיק אַז ס׳האַנדלט זיך אויך אין היילן גייסטיקע בלינדקייט. נאָכן ריידן מיט אַ פילאָזאָפין וועט אפשר זיין קלאָרער. צו שמונה עשרה האָט ער זיך קאָנצענטרירט ביים „חונן הדעת". אין רבנן קדיש, אַז ס׳איז געקומען צום „ועל כל תלמידי תלמידיהון" האָט ער געטראַכט וועגן „מכל מלמדי השכלתי". קיין אַסאָציאַציעס האָבן ניט געפעלט. די גזירה־שווהם האָבן זיך ביי אים אין קאָפּ געגומען מערן. ס׳עט אים אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפן. דער זיגרייכער

יצר־הרע איז געווען פול מיט נצחון וואָס ער האָט אַזאַ מזל, וואָס טויגן אַלע מעשיות, היינט אין ניו־יאָרק טרעפט ער זיך מיט אַ יונגער שיינער מיידל, אַ מענטש פון דער וועלט.

דער ראַנדעוואו איז געווען אויפן ראָג בראָדוויי און ניינצעטע גאַס אין ניו־יאָרק, צוויי אַזייגער. אַזוי איז געווען געשריבן מיט לענאָרס האַנט אויפן בעטלערישן שטיקל פּאַפּיר וואָס דער בחור האָט אַרויסגענומען פון קעשענע און באַקוקט אפשר הונדערט מאָל כאלו אין פּאַפּיר געפינען זיך באַהאַלטענע אותיות קדושה מיט רזין דרזין.

ער איז אַרוים פון שטוב מיט זעלטן האָפּערדיקע טריט. גייענדיק צו דער סאָבוויי מיט אַ גיכערן גאַנג ווי תמיד, האָט ער זיך געהיט ער זאָל זיך ניט אָנשטויסן אין די ווענעלעך מיט וועלכע די באָראָפּאַרקער גאַסן זיינען זונטיק געווען פול. ווייבער האָבן זיך מיט שיינינקע עופעלעך אַ גאַנצן טאָג אויסגעפיינט איבער די גאַסן. אין האַלב ליידיקן וואַגאָן, האָט דער בחור געזאָגט תהלים פון אַ „סאָבוויי־תהלימל", יענע גאָר קליינע תהלימלעך וואָס מ׳נוצט אין די סאָבוויים אויף אויסמיידן ביטול זמן אָדער נאָך ערגער, קוקן אויף עפּעס אַ שיקסל וואָס דער טייוול האָט שוין מקדמונים אַזאַ טבע אַוועקצוזעצן פּונקט אַנטקעגן. זונטיק זיינען די באַנען געקראָכן ווי טשערעפּאַכעס. אָנגעהויבן מיט אַ שאָקלענדיקן „אַשראַי הואיש" (אשרי האיש) און דערגאַנגען ביז פּרק נ"ד, „לאַמנאַצאַיאַך בינגינוים מאַסקל לעדואוויט" (למנצח בנגינות משכיל לדוד). אַראָפּ אין יוניאָן סקווער סטאַנציע און געגאַנגען צופוס די פּאָר בלאָק.

נאָך פאַר דער צייט איז ער געשטאַנען ביים ראָג בראָדוויי און ניינצעטע גאַס, לומפּיש אָנגעשפּאַרט אָן אַ גאַסנלאָמפּ. די צו גרויסע הויזן זיינען אַראָפּגעהאַנגען פון הינטן. אויפן ווייסן

העמד זיינען געווען פלעקן. די שיטערע רויטע באָרד איז געפלויגן אויף אַלע זייטן. ער האָט ווייטער אַריינגעקוקט אינעם תהלימל און געשאָקלט, נאָר איצטער איז עס געווען לויטער אָנשטעל. פאַרבייגייער האָבן געקוקט וואָס שטייט דאָ דער חסיד. חסידים האָט מען אין געגנט געזען נאָר אינדערוואָכן אין די אַרבעטס־שעהן און אַלעמאָל זיינען זיי ערגעץ געלאָפן.

ח

מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן לענאָר. זי האָט זיך ברייט צעשמייכלט. דער בחור האָט זיך פאַררייטלט. דאָס פּנים מיט דער רויטער באָרד זיינען געוואָרן איין רויטער וועזן. די בלויע אויגן האָבן אויסגעזען ווי צוויי אָזערעס אין אַ רויטן לאַנד.

— איך האָב דאָ גיקומין מיטאָן וויסן דאַין נאָמין אַפילע — האָט זי אָנגעהויבן.

— „מיטאָן״? אַ, „און״! ע, העשי האַים עך. אין עץ?

— וואָס מעינט „עץ״?

— „איהר״ זוקט מין באַ עינק, ע, באַ אַהך, ווי האַיסט איהר? — און ער האָט בשעת מעשה אויף איר אַ וויז געטאָן מיטן פינגער.

— וואָס? די באָבע פלעקט זאָגן „דו״, אָבער נאָכים זאָגט „איר״.

— ני, ע, „די״ זוקט מין באַ זעך אין דע׳ האַים. צי פרעמדע זוקט מען אָוף יידיש „איהר״, ווי באַ אַהך, אָדע׳ „עץ״ ווי באַ אינץ. ס׳אי׳ דו באַ די אינגאַרישע וואוס זוגן „זי״ — און בעתן דערקלערן דעם עסק האָט ער מיט דער לינקער האַנט אַ צופּ

געטאָן די רעכטע זייט בערדל.

— אַזוי גאָר, זעס׳, אַ מ׳קען אידיש נאָר פון עין מענטש, און די באָבע איז אַוועק פון די האָיז צען יאָר צעריק, זי האָט גישטאָרבין כמעט פיר יאָר צעריק. עס איז אַ וואונדער אַז איך רעיד נאָך בכלל עפּים אידיש.

— עץ רעט נישקוהשע. אי׳ גיט, ווי האַיסט עץ, ע, איהר, זאָל זאַהן די?

— לענאָר. אַף העברייעש ציפּאָראַ, נאָר באַ די באָבע פלעקט עס זאַין ציפּקע, אַ נאָמין נאָך די באָבים שוועסטער ציפּע־לאה.

— ני, לענאָר. מ׳עט שטאַין אַזוי דו אין רעדן?

— נעין, דאָ ניט וואַיט אי׳ דאָ אַ גוטע כשרע רעסטאָרענט, דאַפאַר ׳אָב איך דעם ראָג אָיסגיקליבין.

— גיט אָוסגיקליבם! ע, נאַין, עך מאַין, באַ זאַי וועל עך זאַהן ווי פּירים, די מאָדערנע פּרימע ׳לן מעך אונקיהקן ווי אַ הוהן אין בנאַי אודים. לאָמע׳ בעסע׳ אַראַהן אין סתם אַ פּלאַץ, כ׳האָ׳ דו מיט זעך גיברעינקט אַ פּאַפּירינים כוס, זאַי ווערלן מסתם מסכים זאַהן ציגיהסן דאַרין משקה־ייסרועל, זאַי קאָסט עס קאַ׳ פּעני ניש׳ אין דו אין ניו־יאָרק איז מין סאַ־ווי צ׳אַלדינג ציגיוואוינט.

— וואָס מעינט „משקה ייסראָעל״?

— שוואַרצע קאַווע, דום מעיק אַ ייד אימעטים.

— אַ מאָדנע וועלט, אַ חסיד קען אין אַ גויאישן רעס־טאָרענט יאָ אַראַין און אין אַ כשרן ניט!

— ני, עט, יאָ, וואוע, קימץ, מ׳עט גאַין!

— די באָבע פלעגט זאָגן „גיגאַנגין״!

ט

צוזאַמען גייענדיק אויף צוואַנציקסטע גאַס האָבן זיי קיין וואָרט ניט גערעדט. מ׳עט געזוכט סתם אַ רעסטאָראַנעכל אויף איינער פון די גרויסע עוועניוס ווייטער צו. זיי זיינען פאַרביי אַ צאָל קאַפעען וואָס זיינען געווען צו קליין, ס׳האָט זיך ניט געפילט גענוג אַנאָנים. אין גאַס זיינען אומבאַוועגלעך געלעגן צוויי היימלאָזע, אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס לעבן אַן אַריינגאַנג צו אַ פאַרשפּאַרטער קראָם. דער ריח איז פאַרפום ניט געווען. איבערן וועג אין אַ זייט־הויף האָט אַ האָבאָ משתין געווען. אַן אויסגעפוצטע פּראָסטיטוטקע האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, זי האָט לצנותדיק געשריען צום חסיד ער זאָל די מיידל אַהיימנעמען און קומען צוריק, אָבער גלייך.

סוף כל סוף האָבן זיי געפונען אַ קאַפעטעריע מיט אַ שמאָלן פאָדערשטן קאָרידאָר וואו מ׳קלייבט זיך אויס און מ׳באַצאָלט, און אין הינטן, אַ גרויסער זאַל מיט טישלעך. די ערשטע האַלבע שעה איז דער שמועס געווען אַ שטייפער, געווען פריקרע. נאָר צווישן שוואַרצע, ווייסע, ברוינע, אָריענטאַלישע, האָבן זיי זיך אָפּגעאָטעמט, איינגעזען אַז קיינעם גייט ניט אָן וואָס זיי זיצן ביי אַ טישל מיט צוויי גלעזלעך קאַווע, זי מיטן רעסטאָראַנס אַ טעפּל, ער מיט זיינע שוואַרצע מלבושים, רויטע געקרייזלטע פאות און זיין מיטגעבראַכטן פאַפּירענעם כוס. זיי האָבן זיך געוויצלט אַז מיט אַזאַ כוס קען אַן ערלעכער ייד אַרומפאָרן די וועלט.

לענאָר האָט העשי׳ן דערציילט וועגן סאָקראַטעס, פּלאַטאָ, אַריסטאָטל, און איז דערנאָך אַריבער אויף איר ספּעציאַליטעט, די בריטישע עמפּיריציסטן, לאָק, באַרקליי און היום. זי האָט אים

איבערגעגעבן די זאַכן אין אַ יידיש שוין מיט אַ סך ענגלישע טערמינען אַריינגעמישט. ער האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן, געזאָגט אַז דער בחיי האָט זיי אַלעמען אַריינגעשטעקט אין גאַרטל מיט איין זאַץ, אַז פון אַ פלאַש טינט וואָס מ׳וואַרפט אויף דער ערד ווערט ניט קיין ספר און אַזוי איז די וועלט אָן גאָט ניט געוואָרן. לענאָר האָט אים געענטפערט אַז זי איז מסכים צוליב איר אמונה אָבער ניט צוליב דעם שכל פון דער זאַך. דייוויד היום האָט דאָך באַוויזן אַז אַלץ וואָס דער מענטש האַלט פאַר לאָגיק איז ניט מער ווי דערפאַרונג. דער מענטש אַבסטראַהירט פּרינציפּן פון דעם וואָס זיינע חושים האָבן פאַרנומען. אַ מענטש זעט אַז מ׳לאָזט עפּעס אָפּ מיט דער האַנט אינדערלופטן, פאַלט דאָס אַראָפּ און ניט אַרויף, מאַכט ער שוין אַ פּרינציפּ און באַמערקט ניט אַז ס׳איז אַלץ נאָר דערפאַרונג. אַזוי איז אויך מיטן בחיי׳ס אַרגומענטן. פון דעם וואָס קומט פאַר אונדזערע אויגן פאַר קען מען ניט דרינגען וועגן אַ צייט איידער עס זיינען געווען מענטשן מיט אויגן.

דערנאָך איז געקומען צו תכלית.ביידע זיינען צום ערשטן מאָל געווען גליקלעך, זייענדיק איינער לעבן אַנדערן. ביידן האָט אַ טרייסל געטאָן אַזאַ מין כח וואָס קומט זאָגן אַז דאָס איז ניט סתם נאָך אַ טאָג אַרומגעדרייט זיך אויף גאָטס וועלט, וואָס זאָגט אָן דעם מענטשן: אָט דאָס איז עס, ווייטער גיי ניט. די צוויי מענטשן אין דער קאַפּעטעריע איז ניט איינגעפאַלן אַז זיי דאַרפן מאַכן נאָך ראַנדעוואוען אויף אויסגעפינען צי זיינען זיי צוגעפּאַסט, צי עס געפעלט זיי די זעלביקע פילמען. קיין איין ליבע־וואָרט איז צווישן זיי ניט אַדורך. זיי האָבן ביידע פאָרט געוואוסט אַז זיי ווילן זיך ניט שיידן. אָן הקדמות האָבן זיי גענומען ריידן וועגן דעם וואָס וועט זיין. העשי האָט אַ קוק

געטאָן אויפן זייגערל. באַלד דאַרף ער לויפן ער זאָל ניט פעלן צו מנחה. אַ סיגנאַל אַז מ׳דאַרף עפּעס אָפּריידן. לענאָר האָט געזאָגט אַז מ׳האָט איר פאָרגעשלאָגן אַ שטעלע ערגעץ ווייט אין קאַנאַדע. העשי האָט געענטפערט אַז באַלד גייט ער פאָרן אין די קעטסקיל בערג אויפן זומער. די ישיבה זיינע פירט דאָרטן אָן מיט אַ זומער קאָלאָניע ניט ווייט פון מאַונטנדייל אין שטאַט ניו־יאָרק. זי ווידער האָט געענטפערט אַז פון דאָרטן איז ניט אַזוי ווייט ביז פּעקיפּסי. דאָרטן איז דאָ אַן אייזנבאַן סטאַנציע אויף דער קאַנאַדער ליניע.

— כ׳קאָניש׳ אַזוי לאַהכט פוהרן. כ׳האָ׳ דו טאַטע־מאַמע, בובע־זאַידע, שוועסטע׳ מיט בריהדע׳ וואוס כ׳האָ׳ זאַי זאַיע׳ ליהפּ. באַ זאַי וואָלט גיהאַיסן ע, אַזאַ אַינע ווי די, פוהשיט אַ אימגליק.

— כ׳בין ניט קין שיקסע און איך היט שבת. אַלץ וואַיל איך בין ניט קין חסיד? וואָסי׳ דאָס? כ׳ל דיר נאָכגעבין דעם בחיי׳ם ראיה מיט די טינט.

— כ׳קאָן דיר פאַרזיהכערן, אַ׳ באַ דאַהנע עלטערן וועט׳צעך טיהן פּינקט אַזעלכע מאַהסעס. פאַקעיעט, אַרגע׳!

— נעיין, זעי זאַינין טאָלעראַנטע מאָדערנע מענשין.

— אַדרבא, ׳עסט מיט זאַי רעדן, ׳עס׳ צעך אַלאַין איבע׳צאַהגן, אין מ׳עט צעך דו־אָ טרעפן איב׳אַכטוק זינטיק צוואַי אַזאַיגע׳ גענאָו.

— זאָלס׳ ניט פאַגעסן ברעינגין דאַין פּאַפּירינע גלאָז.

י

העשי איז צוגעגאַנגען צו דער זאַך אַביסל אַבסטראַקט. ער האָט געפרעגט ביים טאַטן אַ מיינונג וועגן אַ מאָדערנער אָרטאָדאָקסישער מיידל וואָס האָט אין לעבן קיין שבת ניט מחלל געווען, רעדט אַפילו יידיש, זאָל זיין אַ מאָדנעם, איז זיכער אַ בתולה און האָט געענדיקט אוניווערסיטעט מיט אַ דיפּלאָם פילאָזאָפיע.

— וויה׳סטע גיטראָפן אַזאַ מאַידל, זוג זשע? פרעיקסט ניש׳ סתם.

— וואוסע נפקא מינה?

— די ׳אָס׳ עס וואָרט גיזוקט, ניש׳ עך. יעידים מאַידל וואוס אי׳ גיגאַן אין יוניווערסיטאַט איז אַ אָוסגילאַסענע. גיוועין דו פאַלן פין אַזעלכע וואוס זענין לאחר־המאַהנסע כלומרשט גיוואָרן כויזער־בעטשיהוויטעס, גאַנצע צאַדאַיקיסטעס, ׳אָבם זאַי זעך גילאָסט אין שפּיטוהל פאַרנאַיען. ס׳אי׳ יענע פסיהלעס!

— מ׳קאָן אַזאָי ניש׳ זוגן אָוף אַלע, טאַטישי, טאָמער ס׳מאַכצאַך אַינע אַ ריכטיקע פרימע, פאַרקעיעט, ס׳אי׳ דו אַ סך.

— קאָן זאַהן אָבע׳ ניש׳ באַ מאַהן זיהן! לאָמיר זעך בעסע׳ נעמין זיכהן דיר אַ בעקוואוועדיגן שידיך, עפשע׳ יעצט וועס׳ ניש׳ זוגן אָוף אַלעם אַז ס׳טויג ניש׳.

— מ׳עט רעדן.

אין דער זומער קאָלאָניע אין די בערג האָט ער געשיקט דעם טאַטן אַ בריוו אַז ער פאָרט בקרוב „אויף אַ וויילע" אין קאַנאַדע. ער איז געווען זיכער אַז דער טאַטע וועט אים סוף כל סוף פאַרגעבן און ס׳עט ווערן גוט.

## יא

לענאָר האָט שוין יענעם זונטיק ביי דער וועטשערע געזאָגט טאַטע־מאַמע אַז זי האָט באַגעגנט אַ פיינעם בחור. אַזאַ נחת האָבן זיי אין אירע צוויי און צוואַנציק יאָר ניט דערלעבט. זייער ענגליש איז געוואָרן גיך, מיט אַ ספּעציעלער יידישלעכער אינטאָנאַציע וואָס קומט צו פאָרן רק אַז מ׳איז אויפגערעגט.

— אַ דאָקטאָר־מעדיצין מסתמא, צי אַן אַדוואָקאַט? — האָט געפרעגט ראָבערט, אַ געבאָרענער אָפּטימיסט.

— ניין! — האָט אים קאַרען אויסגעבעסערט, — לענאָר וועט זיך אויסקלייבן אַ פילאָזאָף צי אַ סאָציאָלאָג צי אפשר גאָר אַ היסטאָריקער, איאָ, לענאָר?

— ער איז אַ חסיד. אַ ישיבה בחור פון באָראָפּאַרק. ער רעדט שוואַך ענגליש, און איך רייד מיט אים יידיש.

די עלטערן זיינען ביידע בלאַס געוואָרן. די גאָפּלען זיינען מיט איין גרויסן בראַזג געפאַלן אויף דער גלעזער צעראַטע אויפן טיש. סוף כל סוף האָט ראָבערט, וואָס האָט זיין עקל ניט געקענט באַהאַלטן, געגומען אויספרעגן.

— ער איז אַזוי שמוציק ווי זיי אַלע?

— איך וועל אים שוין אָפּרייניקן! — און ס׳האָט איר שוין בשעת די רייד אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן וואָס זי האָט כאַפּלאַפּ נאָכגעגעבן אַז חסידים זיינען „שמוציק".

— איך מיין אַז לענאָר דאַרף ווידער פאָרן אין ארץ ישראל דעם זומער. איך וועל באַצאָלן.

— ניין, אַ דאַנק, מאַמע. נאָר איך גיי אָננעמען די שטעלע אין קאַנאַדע און כ׳וועל זיך דאָרטן שוין באַלד איינסדרן. אפשר

וועט העשי אויך קומען.

— „העשי"?! — האָט זי זיך פאַרקרימט — ווי הייסט ער אויף אַן אמת?

— אַזוי הייסט ער.

ליגנדיק אין בעט יענע נאַכט, האָט לענאָר אונטער־געהערט דורך די ניט־געדיכטע ווענט די גאַנצע קריג צווישן די עלטערן.

— ס'איז אַלץ דיין שולד! ווען דיין מאַמע וואָלט דאָ אין שטוב ניט געוואוינט די אַלע יאָרן וואָלט אונדזער טאָכטער אויסגעוואַקסן אַ נאָרמאַלע. וואו האָסטו געזען אַ באָבע זאָל וואוינען אין שטוב?

— ווי אַזוי וואַגסטו ריידן אויף מיין מאַמען? איבערגעלעבט אַלע שרעקלעכע זאַכן! דיר האָט זי קיין איין שלעכט וואָרט ניט געזאָגט. און דערצו האָסט נאָך אויסגעפּועלט איר אַוועקשיקן אין פינצטערן מושב זקנים וואו זי האָט די לעצטע יאָרן געוואַלגערט ווי אַ הונט!

— אַ ליגן! ס'איז דער בעסטער מושב זקנים אין קאָנעטיקאָט. איך האָב באַצאָלט אַ וועלט מיט געלט זי זאָל קענען אַריין דאָרטן.

— נו, און וואָס וועלן אַלע זאָגן אַז אונדזער טאָכטער, נאָך מיטן דיפּלאָם אין האַנט, גייט אַוועק מיט אַ חסיד פון באָראָפּאַרק וואָס הייסט „העשי"?

— זי וועט קומען צו זיך.

— ס'טויג ניט. זי האָט זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט קיין שום בחור. אַז זי רעדט שוין וועגן אַ בחור און אין קאַנאַדע פאָרט זי במילא איז עס אַ פאַרפאַלענע זאַך.

— ששש, לענאָר הערט מסתמא אַלצדינג.

ביי זיך אין בעט האָט לענאָר שטילערהייט געוויינט. זי האָט די אויגן אַפילו ניט קיין וויש געטאָן. זי האָט נאָר געטראַכט וועגן דער באָבען, וויפל זי האָט ליב די באָבע סאָנקע, ווי זי האָט אין איר פאַרגעסן ווען זי איז אַוועק פוילן אין מושב זקנים. איצטער פוילט זי נאָך מער דאָרטן אויפן פּאַסקוד־נעם אַמעריקאַנער בית־עולם וואו ס׳שטייט ביים אַריינגאַנג אַ קאָמפּליצירטע רשימה שעהן ווען ס׳איז אָפן דער בית־עולם אינדערוואָכן, שבת, זונטיק, לעגאַלע יום־טובים, יידישע יום־טובים. אין די „אָפּיס־שעהן" פאַרקויפט מען קאַרטעס אויף צו טרעפן צו די קברים. דאָ וועט קיין היימישן שד ניט אינטער־עסירן צו זיין. אַז די אויגן האָבן זיך אַ ביסל אויסגעטריקנט האָט זי דערזען אויף דער סטעליע אַ פּאַס ליכט, אַ באלכסונדיקע אָפּשפּיגלונג פון שפּאַלט צווישן די פאָרהאַנגען. פּונקט אין פּאַס ליכט איז געשטאַנען אויף דער סטעליע אַ שפּין. צוערשט איז לענאָרן אָנגעפאַלן אַן עקל. זי האָט אָבער גענומען שטודירן די שפּין און די פאַרגרעסערטע אָפּשפּיגלונג פון דער שפּין. זי האָט באַוואונדערט ווי די שפּין פאַלט ניט אַראָפּ, ווי זעקס פיסלעך זיינען סימעטריש פאַרשפּרייט און נאָך צוויי זיינען אויסגעצויגן פאָרויס.

יב

שבתע־נאַכט פאַרן פאָרן — העשי איז געווען דאָרטן אין זומער קאָלאָניע און מ׳האָט שוין געוואוסט אויף וועלכער באַן וועט מען זיך מאָרגן טרעפן — איז לענאָר אַוועק אין באָראָפּאַרק צו נחומען. זי האָט אים קיין זאַך ניט דערציילט. זי

האָט אים געגעבן אַ קאָנווערט מיט ניין און דרייסיק איינציקע דאָלערס, די חובות אויף די קומעדיקע דריי יאָר, באַצאָלט אין פאָרויס. נחום האָט זעלטן אַ הייב געטאָן אַ האַנט. ער האָט געבעטן זי זאָל דעם פאַרקלעפּטן קאָנווערט אַריינרוקן צו אים אין בוזעם־קעשענע. איי, האָט זי ביי זיך געטראַכט, וואָס זי וואָלט געבן אַבי זען זיין פּנים ווען ער וועט דעם קאָנווערט אויפעפענען!

אויף מאָרגן איז זי אַרויף אויף דער אייזנבאַן אין דער הויפּט־סטאַנציע אין ניו־יאָרק. אַז די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פּעקיפּסי האָט לענאָר דעם קאָפּ אַרויסגערוקט אינדרויסן און אַ שריי אוים געטאָן:

— העשי! דאָ!

ער איז אַריין אין וואַגאָן. באַלד האָט זיך די באַן גענומען אין וועג אַריין. עס זיינען געזעסן דאָרטן צוויי אייביק פאַרליבטע וואָס האָבן איינער דעם אַנדערן קיין ליבע־וואָרט ניט געזאָגט, ווער רעדט נאָך אַ קוש געטאָן. ביי ביידן איז דאָס שענסטע וואָרט אויף דער וועלט געווען „קאַנאַדע”. די באַן, פאָרנדיק צו צפון צו, איז פאַרבייגעלאָפן פעלדער, פאַרמען, שטעטלעך, וועלדער. ברוקלין איז געוואָרן ווייטער און ווייטער, דאָרטן, וואו צוויי משפחות, אויף ביידע זייטן מעקדאָנאַלד עוועניו, האָבן אַ קינד באַוויינט.



# מײַנעם הירשע-דודס טאַטן




און פון מעינקע הירשע=דודס